——ספר——

# תשובה לאפיקורוס

## „איין ענפער צו די גאטעס לייקנער"

בעווייזע אז די זעעלע איז אונשטערבליך,

און דארווינס היפאטעזע, אז מענשען שטאמען
פאן אפען איז פאלש . . . . . . .

אונד די ווארהייט פאן דער אידישע רעליגיאן.

פאן

## משה הערדער.

יאהר התרע"א 1911, פילאדעלפיא, פא.

פרייז—15—סענט.

——אדרעסס:——

M. HERDER

2511 North 33rd St. Philadelphia, Pa.

א. בראנענבערג, פרינטער און פאבלישער, 219 וויין סט., פילא.

לזכרון

אבי יקירי

**שלום שכנא בר' שמואל זאנוויל, ז"ל**

שבק לן חיין עש"ק י"ג כסלו התרל"ג

23טען נאוועמבער, 1873.

ולזכרון

אמי היקרה מרת

**רבקה בת ר' צבי**

שבקה לן חיין י"ב סיון התרל"ג

15טען יוני, 1873

בעיר שארגראד פלך' קאמעניץ פאדאלסק, רוסיא

נשמתן בצל שדי יחסיון אמן.

מאת בנם משה הערדער.

# אינהאַלט פערצייכניס:



קאַפּיטעל | זייטע

רב אחא אמר: דעו כי ד' הוא אלוהים, הוא עשנו,
ולו אנחנו משלומים את נפשותינו. בר' ק;

דאס הייסט: רב אחא האט געזאגט: ווייסט אז דער עוויגער איז אונזער גאט, ער האט אונז בעשאפען אונד צו איהם דארפען מיר פערפאלקאמענען אונזערע זעעלען.

---

אמר ר' אלעזר בן זמרא: אם מסכנסין כל
באי עולם לברוא יתוש אחד אינן יכולים
לזרוק בו נשמה.

דאס הייסט: רבי אלעזר דער זאהן פאן זמרא האט געזאגט: ווענן דיא גאנצע וועלט מענשען זאלען זיך צוזאממען נעהמען און וועלען בעשאפען דאס קלענסטע פליגעלע, וועלען זייא ניט קענען אין דעם קיין זעעלע אריין געבען.

# תשובה לאפיקורוס

א.

## צו די געעהרטע לעזער אונד צוהערער.

איך בעט ניט צו שטעלען קיינע פראגען און ניט צו דעבאטירען, ביז איר וועט ענדיגען דאס גאנצע ביכעל. ווייל איך בין זיכער אז דאנן וועט ניט זיין וואס אב צו פרעגען. ווייל וויא ווייט אונזער פערשטאנד קען דער־לאנגען וועט ניט זיין וואס אב צו פרעגען ווענן זע וועלען נור געדענקען אללעס וואס זע האבען געלעזען.

המחבר משה הערדער.

ב.

## צו מיינע קינדער.

מיינע ליבע קינדער! איך האב זיך אביסעל צו שפעהט דערמאהנט, דאך איז בעסער שפעטער איידער גארניט. דוד המלך האט געזאגט אין תהלים צ״ י״ אונזער געוועהנליכע לעבענסצייט איז זיבציג יאהר און דיא גרעסטע טהייל פאן זייא פלאגט מען זיך געגוג אן, מען בעגעהט גענוג פעהלער, מען טהוט אונרעכט און ענדליך לויפט אלעס אוועק און מען פערפליהט ערגיץ.— איך שטעה שוין אויך נוהענט צום 69טען יאהר, און פיהל שוין טאקע, וויא שנעל זעהר שנעל מיינע יאהרען זענען פאראיבער.

ג.

# דיא געפיהלען אויף דער עלטער.

וויא אזוי די יוגענד פיהלט ווייסט איר שוין מסתמא. איך וועל אייך אבער אצינד פארשטעלען וויא אזוי מען פיהלט אויף דער עלטער: דער שלאף ווערט וועניגער, דאס פערדייען ווערט געשטערט, דיא צעהן זענען ארויס געפאלען, דיא שווארצע האאר זענען ווייס געווארען, דיא אויגען ווערען דונקעל, דער קערפער אבגעמאגערט, דאס געזיכט איז צעקנייטשט, דער קאפ אראפגעלאזט, דער ריקען איינגעבויגען, דאס טאשענטיכעל מוז מען אפט בענוטצען, דיא פיס הערען ביסלעכווייס אויף צו דיענען, דאס לאכען ווערט פערשווינדען, דיא פרייד ווערט פערלוירען, פאן צעהנדליגע יאהרען הערט מען שוין אויף צו דענקען, מען דענקט שוין נור פאן איינציגע פאן מאנאטע, פאן וואכען און פון טעג!——

דיא לענדער, שטעדט און הייזער וואס מען האט דארט אמאל פער־בראכט, ווערען פערשווינדען פאן דעם געדעכטעניס, אזוי וויא עס פערשווינדען דיא הייזער פון דעם וואס ער לאזט זיך שיפען אויף דעם ווייטען מעער. דער גרייז קוקט זיך אום און וואונדערט זיך, וויא זענען ערגיץ הינגעקומען זיינע אמאליגע צייטען? דאס פלאטץ וואו זיינע געדאנקען זענען אמאל געוועזן פערנומען מיט ליבע, איז אצינד גאר פערנומען מיט געדאנקען פאן קבר! און בייא עדלערע מענשען מיט דער עווינקייט—! און פיר די געוועזענע שעהנע גאלאנטע ווייבער, איז דיא עלטער גאר איין גיהנם! יא יא! די יוגענד לעבט פארווערטס און וואלט גערן די צייט אבגעשטיפט, און דער אלטע לעבט ריקווערטס און וואלט וועלען, אז די צייט זאל צוריק געהן! זיינע קרעפטען, פערליערט ער אכע מאל מעהר און מיט זיי צוזאמען פערלירט ער אויך זיינע תאות, די ראָזען שמעקען איהם שוין וועניגער, דאס פלייש קאכט זיך ניט גענוג אָן, די שפייזען זענען שוין ניט אזוי געשמאק, דער זאמער איז שוין ניט זעהר הייס, דער ווינטער איז אונגעהייער קאלט! די נעכט זענען פיעל לענגער, און ווער עס האט נאך געהאט דעם ביטערן אונגליק זיין אלטעטשקע צו פערלירען!——און פון זיין איינגענעם טיש פערטריבען צו ווערען!——דיזען ביטטערן טעם, בין איך שוין ניט אימשטאנד יענעם איין בעגריף צו מאכען!.....די איינציגע טרייסט בלייבט נור איבער פאר דעם גרייז, זיין אמאליגע גוטע אויפפיהרונג און זיין וואהרער גלויבען. אז ווען איז אבער צו דעם, וואס זיין אמאליגע אויפ־

פיהרונג איז פערפלעקט, און זיין גלויבען מיט זיין רעליגיאן קענען איהם אויך ניט בעגלייטען! אזעלכער לעבט שוין מעהר מיט דיא טוידטע, וויא מיט די לעבעדיגע! ער מוס זיך זעלבסט שטעלען גלייך צו איין טהיער, און דאס איז זעהר ניט אנגענעהם!

איין יעדער גרייז, דערמאהנט זיך, אז אמאל האט מען איהם גע־לערענט, אז איין אלטען מאן מוס מען כבוד אבגעבען, פאר אלטע לייט דארף מען האבען דרך ארץ. אצינד אבער, מוס ער דרך ארץ האבען פאר די יונגע, און די יוגענד לאכט איהם גאר אויס צו ביסלעך! נור ווען ער האט כאטש זיין ראָק (איך מעהן זיין קערפער) אין זיין יוגענד, פון שמוטץ און פאן פלעקען אבגעהיט, דער קען נאך פאָרט כאטש אמאל א שמעכעל טהון ווענען זיין שנעללצוגג מיט זיינע אלע בעגעגנישען. ער קען פיר זיך כאטש א שטיקעל טרייסט געפינען, אז ער פיהלט זיך כאטש אונשולדיג.

דער גרייז בעטראכט זיינע אלע יאהרען וואס זיי זענען אוועק אזוי ווי איין טרוים, ער דערמאהנט זיך אין דעם שטורעמדיקען לעבען און זעהט יעצט ווי זיין זאָננע האלט שוין ביים אונטערגעהן.—אבער נור זיין קערפער איז שוואך, פאן דעם וואס ער האט זיך געפיהרט מיט פערשטאנד אין זיין יוגענד, ווייל די עלטער מאכט די זעעלע ניט שוואך, אפילו א העלפט ווי די יוגענד, נור פאן דעסטוועגען, ווילען אלע יונגע אלט ווערען, נור די אלטע ניט!—(איך זאל וועלען שילדערן מיין לעבען, וואלט דאס מיך און דעם לעזער צו פיעל טרויריג געמאכט. איך קען זאגען: ווענן איך בין ניט זאטט געוועזן אין לעבען, בין איך אבער זאטט פאן לעבען.——)

ד.

## דער צוועק פאן יונגע לייט.

עס איז מערקווירדיג, ווי אלע יונגע לייט פערגעסען גאר, אז זיי מוזען צו דער עלטער אנקומען! אלע יונגע לייט ווינשען זיך איין בכבוד׳ן לעבען, איין צופרידענעם לעבען צו דערלאנגען, אבער בלויז מיט ווינשען אליין, קען מען ניט אבקומען. יעדער יונגערמאן און יעדע יונגע פרוי, קאהם זענען זיי פערהייראטה, דארפען זייביידע זיך ערענסט אנשטריינגען, אז זיי זאלען מיט אלע מעגליכקייטען, מיט ענערגיע פלייסיג ארבייטען, זארגען, שפארען ווענען זייער עלטער, אום צו קענען געניסען מיט צופרי־דענהייט זייער עלטער רוהיג און שטילל, ווייל א שטילע רוהיגע עלטער איז דער לוין פאן א פלייסיגע יוגענד.

און ווען זייא האבען קינדער, זאלען זייא אלע מעגליכקייטען אנווענ־דען, א גוטע ערציהונג זייא צו געבען, מיט דער האפנונג, אז זייערע קינדער זאלען קענען פיר זיך א לעבען מאכען, און ווענן זייא ווענלען אלט ווערען זאלען זייא זעהען, אז זייא האבען געטהון זייער פפליכט און עררייכט זייער ציעל, און ווער עס האט דאס גליק זיין ציעל צו ערלאנגען, איז גלייך צו איין שניטער, וועלכער רוהט זיך אב אויף זיינע גארבען און בעטראכט דאס שטיק פעלד וואס ער האט אבגעשניטען. ער איז שוין טאקע מיעד און שוואך, ער האט אבער דאך דער וועלט נוטצען געבראכט. אזוי איז אויך דער ענערגישער מאנן, ווענן ער ווערט אלט. דאנקבאר, פולל מיט פרייד און פריינדליכקייט, רינגלען איהם ערום זיינע קינדער און עניקלעך און אזוי וויא ער האט זיינע קינדער געפפלעגט און פערזארגט, ווענן זייא זענען געוועזען שוואך און קליין, אזוי ווידער זארגען זייא יעצט מיט פרייד, פיר זייערע עלטערן, אז זייא זאלען זיך שוין קענען אויסרוהען אויף זייער עלטער פאן זייער מיה און ארבייט און דיא גוטע קינדער קענען יעצט מיט איין שמעכעל בעוואונדערן, וויא יעדער גיבט אָב כבוד זייערע עלטערן און ווער נור עס קענן זייא, בלייבט שטעהן א ווײלע און בעטראכט דעם גרייז און דיא גרייזין מיט אכטונג. ווייל אפילו דיא גרעסטע פירסטען און עדעללייט געבען אויך אב עהרע זייערע אלטע אונטערטאהנען. אומעדום גיבט מען דעם גרייז איין עהרענפלאטץ, און דיא גוטע ערצויגענע יוגענד בייגט דעם קאפף פאר דיא זילבער ווייסע טוגענדהאפטע עלטערן.

און ווענן דער גרייז איז פאן נאטור מוטלאז, איז אבער דיא יוגענד פאן נאטור לייכטזיננינג. עס איז אבער ניט יעדער גרייז מוטלאז, דאס איז נור בעלאנגט, לויט מען שטרעבט אין דער יוגענד, זיך צו פערפאלקאמענען און ניט וויא אייניגע הפקר מענשען רעדען זיך אן: אז מען לעבט שוין יאָ, זאל מען לעבען אין טאג אריין! דאס איז אבער נור איין פערבלענדזעניש פאן דער היטציגער יוגענד, ווייל זיא איז ניט בעטראכט, וויא דאס שפריכ־ווארט זאגט: „יוגענד ווייסט ניט פון קיין טוגענד״ אבער פאר יעדע מינוט־ליכען אויסשוואפענדען גענוס, ווערט דער זינדיגער אויף זיין עלטער פאלל מיט געוויסענסביסע (הרטה) ויא אונזערע אידישע געלעהרטע דריקען זיך אויס: רשעים מלאים חרטה.

דיא יוגענד פערגעסט אבער איהר צוועק, ווייל זאלאנג מען איז נאך יונג, נעהמט מען זיך גאר קיין צייט ניט צו שטעלען דיא פראגע: איז דאס

מינגליך, אז דער מענש איז געבוירען נור צו ליעב עססען, טרינקען און זיין פערזינקען אין ליידעשאפטען און שטארבען? איז דאס מעגליך אז דער מענש האט גאר קיין צוועק ניט? מיר מענשען, טהוען יא אלעס צוליעב איין צוועק, און דער בעשעפער זאל האבען בעשאפען דעם מענשען גאר אוהן איין שום צוועק?

איינער פאן אונזערע אידישע געלעהרטע האט געזאגט: גיב זיך רעכנונג איין טאג פאר דיין שטארבען, ווייל ניט מיט דעם שטארבען ענדיגט זיך דיא וועלט פאן לעבען. און ווען דער שרייבער פאן דיעזען ביכעל פלעג זיך שוין יא אפט מאל שטעלען דיעזע פראגע, האב איך אבער דיא געלעגענהייט ניט געהאט זיך צו קענען פיהרען נאך מיינע בעגריפע. איך בין אבער זיכער אז מיינע ליעבע קינדער וועלען האבען צוטרויען צו זייער אלטען פאטער, ווייל זייא זענען זיכער אז פאלשקייט האב איך פיינד, און בפרט נאך יעצט, ווען איך שטעה שוין אויף דער שוועל פאן דער עווינקייט— זענען מיינע רעד געוויס ערענסט. צווייטענס, זאג איך אייך גאר ניט אזעל־כעס וואס איהר זאלט מיר דארפען גלויבען. איך פערלאנג נור פאן אייך אז איהר זאלט דיעזעס ביכעל מיט אויפמערקזאמקייט עטליכע מאל ערענסט דורך לעזען און אויספאלגען, דעם געראדען פערשטאנד.

און ווייל דיא פפליכט פאן יעדען אידען איז, זיינע קינדער דעם גוטען וועג אן צו ווייזען, האב איך היופטזעכליך דיעזעס ביכעל פערפאסט צו ליב אייך, אום אייך צו איבערצייגען דיא וואהרהייט, ווייל היינטיגע צייט, איז עס אזוי וויא אין דער מאָדע אריין, צו צווייפלען אין אלעמען וואס איז אידייש, אדער גאר צו לייקענען אין גאט, אונד אין דער אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע, און דערמיט דענקען זייא, אז זייא הייסען שוין ציוויליזירט.

ה.

## סאציאליזמוס.

אונד דיא היינטיגע סאציאליסטען זענען אויך מעהר אנהענגער אין איין פריידענקער אידעע, וויא אין דעם סאציאליזמוס. ווייל זייא ווייזען זיך ווירקליך ארויס פאר פריינגעזאנענע חסידים, אדער בעססער געזאגט קנאים! זייא פערשטעהען גאר ניט, אדער זייא ווילען גאר ניט פערשטעהן, אז מען קאנן זיין א וואהרער סאָציאליסט, באטש מען איז ערענסט רעליגיעז. איך זעה ניט אין דער תורה, און זייא קענען עס מיר אויך ניט ווייזען אז אין דער

תורה זאל זיך געפינען אזעלעכעס וואס עס זאל קענען שטערען צו דיא וויכטיגע פרינציפען פאן דעם סאציאליזמוס.

עס איז אבער אויך פערהאנדען פיעלע, וועלכע וואלטען ווירקליך געוואלט אביסעל נעהענטער צום אמת צו קאמען, ליידער איז אבער אין דער אידישע שפראכע נאך וועניגער פון וועניג צו געפינען א בוך, וואס עס זאל ערקלעהרען אז א איד דארף פערשטעהען זיין גלויבען, אויך מצד החקירה. דאס הייסט, אז א איד דארף פערשטעהן אז עס איז פערהאן איין איינציגער גאָט, וואס ער איז דער בעשעפער פאן אללעמען. און אז דעם מענשענס זעעלע איז אונשטערבליך. און כמעט דיא גאנצע זשארגאנישע ליטעראטור (אין אמעריקא) איז פאן פרייגעזאָנענע, און דערמיט שפייזט מען דעם המון עם. דארום איז גאר קיין וואונדער ניט, וואס דאס יודענטום ווערט אלע מאל מעהר אבגעשוואכט אונד דיא רעווערענדס, רבנים און דרשנים אכטען גאר ניט דארויף! דארום האב איך דיזעס ביכעל געשריבען אין א ריינע אידישע שפראכע, און האב זיך אויס געהיט פאן דער ליטע־ראַרישע קראנקהייט, אריין צו האקען פרעמדע ווערטער, וואס מען קען זיך אבסאָלוט אוהן זייא בעגעהען, און בייא דיא מייסטע לעזער בלייבט עס וויא דיא שמות המלאכים ביי דיא תקיעות. דיזע אלע ליטעראַרישע פאָקוסן האבען מיר פערוואָרפען און אזוי געשריבען, אז עס זאל זיין פאפולער פאר יעדען ניט געבילדעטען, וועלכער וויל נור ערענסט פערשטעהן דיא לאָגישע בעווייזע וואס מיר ברענגען אין דיזען ביכעל פאן בעריהמטע דענקער און פילאזאפען.

דאס ביכעל איז אבער ניט געשריבען פיר אזעלכע כופרים וואס זייא לייקענען אין גאט אום צו קענען פיהרען א פריי הפקר לעבען. און זייער וואונש איז נור צו זיין פערזינקען אין ליידענשאפטען. פאר אזעלכע נפשות העלפט ניט קיין שום ערקלעהרונג, און פיר זייא, עקסיסטירט ניט קיין לאָגיק, וויא דיא גמרא זאגט, אין נדרים כג: אפיקור דמצערי רבנן, פירוש אפיקרותא חציפותא, דיא טייטש איז פאן אפיקורוס, פרעכהייט אונ־פערשעהמטהייט.

אבער דיא ערענסטע, וועלכע וועלען דיעזעס ביכעל לעזען מיט אויפ־מערקזאמקייט, וועלען זייא געווים ארויסזעהן אז מיין כונה איז ערענסט.

משה הערדער בר״ שלום שכנא משאראגראד, קאמעניץ, רוסיא.

קאפיטעל 1.

# איין בעגריף פאן מענשליכעס וויכען.

דאס ערשטע מוס דער לעזער וויסען, אז אלעס וואס מיר מענשען וויסען, מוס פריער ווערען בעגריפען פאן אונזערע זיננע, (חושים), אנדערש קענן דער פערשטאנד פאן דעם קיין בעגריף ניט האבען. אונזערע זיננע זענען אבער בעגרעניצט. צום ביישפיעל: דער הונד קען דערשמעקען דיא טריט פאן זיין הערר און קיין מענש איז דאס ניט אימשטאנד, ווייל דעם מענשענס חוש הריח איז זעהר אבגעגרעניצט. מיט איין מיקראָסקאָפישעס גלאז, קענען מיר דערזעהן אזעלעכס וואס מיט אונזערע בלויזע אויגען איז מאן דאס ניט אימשטאנד צו זעהן. דארום קען מאן קיין שום געגענשטאנד ניט וויססען אבסאָלוט פעלליג פריי אין אללע פרטים.

און אויסער דאס וואס אונזערע זיננע זענען ניט גענוג שארף. איז נאך פערהאן אין דער נאטור אזעלכע זאכען וואס מיר קענען פאן זיי דעם מינדעסטען בעגריף ניט האבען; ווייל עס פעהלט אונז גאר איינגאנצען נאך איין חוש פיר יענע געגענשטענדע. דארום קענן אפילו דער קלוגסטער און געלעהרענסטער אויך קיין זאך גרינדליך ניט וויסען. אזוי ווי מיר וועלען ערקלעהרען אין די ווייטערע קאפיטלען, אצינד לאמער זעהן וואס מיר בע־גרייפען אונטער די ווערטער: "מאטעריע„ "קערפער„ "קראפט„ "גייסט„ "און זעעלע.„

קאפיטעל 2.

# מאטעריע אדער קערפער.

אלעס וואס עס פערנעהמט פלאטץ און פיללט אויס דאס אָרט מיט מאטעריע (שטאָף) קען שוין קיין אנדער קערפער אין דעם ארט ניט אריין דרינגען, ווייל מאטעריע איז אונדורכדרינגליך. דעם איננערן וועזען פאן מאטעריע קענן קיינער פאן אונז מענשען ניט בעגרייפען, דאס איז פאן דער נאטור וויססענשאפט פערשטעלט אין פערשלאססען. אללע קערפער קענען אונז נור בעקאנט ווערען פון זייער ערשיינונג, וועלכעס מיר פערנעהמען מיט אונזערע זיננע. אונד דאס איז מעהר ווי וואהרשיינליך, אז אין דער נאטור קאמט נאך פאָר אזעלכעס, וואס מיר האבען נאך כאָן דעם קיין שום בעגריף ניט. ווייל עס פעהלט אונז דערצו איין חוש אדער מעהר פאן איין חוש. אלזאָ מיר בעצייכנען יעדען געגענשטאנד מיט דעם נאמען

מאטעריע, שטאָף אדער סובסטאַנץ און דארט וואו עס הערט אויף צו זייי מאטעריע, דארט איז שוין די גרעניץ, פאן דעם עטוואס וואס מיר רופע מאטעריע.

איין פלאטין וועלעכס איז נאך אלע זייטען אנגעפיללט מיט מאטעריע רופט מען „קערפער" צום ביישפיעל: שטיין, האלץ, וואסער, און זא ווייטער זענען קערפער, אויסער דעם, וואס די מאטעריע פיללט אויס ערום זיך דאס אָרט, האט נאך יעדער קערפער אין זיך פיער הויפט אייגענ־שאפטען: שווערקייט, טיילבארקייט, בעוועגליכקייט, און פערנעהמט פלאטין.

טיילבארקייט הייסט, ווענן צום ביישפיעל, איין זעג האט איבער געשניטען א שטיק האָלץ, האט זי פאן דעם אָרט וואס זיא איז דורך געגאַנגען, אויסגעראָמט אזוי פיעל האָלץ אין דעם פאָרם פאן קליינע טיילען, ווי פיעל די זעג דארף פערנעהמען אין דעם וועג וואס זי געהט דורך. דאס וואסער וואס עס פיללט אָן איין גלאז, האט ארויסגעטריבען דיא לופט וואס זיא איז פריער געוועזען אין דעם גלאז. אזוי אויך, ווענן איין פאָרעזער קערפער, מיט קליינע לעכעלעך, האט אין זיך אנגעזאפט פליסיג־קייט, האט די פליסיגקייט פערנומען נור דיא הוילע לעכעלעך (פאָרען) פאן דער זאך, ווייל אין יעדער זאך איז פערהאן פאָרען, שיטערע אדער געדיכטע.

אונד די לופט, וואס מיר קענען זי גאר ניט זעהן אזוי ווי אנדערע קערפער, איז פאן דעסטוועגען אויך איין קערפער, ווייל זי בעזיצט די פיער הויפטאייגענשאפטען: זי איז שוועהר, זיא איז טיילבאַר, בעוועגליך און פערנעהמט פלאטין. דאס קען מאן לייכט איבערצייגען; ווענן מאן נעהמט א לעהדיג גלאז, ווייזט זיך אונז נאר אויס אז דאס גלאז איז לעער, אין דער ווירקליכקייט אבע־, איז דאס גלאז אנגעפיללט מיט לופט. און ווענן מיר קעהרען איבער דאס גלאז און טונקען דאס אן מיט דעם עפענונג אראפ אין וואסער, קען דאס וואסער ניט אנפיללען דאס גאנצע גלאז, ווייל דארט איז דאך פריער געווען דער קערפער „לופט", און דאָרט וואו איין קערפער איז פערהאן, קען דאָך קיין אנדערער קערפער אהין ניט מעהר קומען, און ווענן דו האסט אריין געלעגט אויף דעם דנאָ פאן גלאז א שטיקעל וואטטע אדער פאפיר, וועט עס בלייבען טראקען. דאס ווייזט, אז דאס וואסער האט ניט געקאנט צו קאמען צום פאפיר, ווייל די לופט האט עס ניט

געלאזט. און ווענן מאן טרייבט ארויס די לופט פאן איין פאכיר (בלאזע) ווענט דער פאכיר ווניגער אהן דער לופט ווי מיט דער לופט, אויך איז די לופט לייכט צו צעטיילען און צום בעווענען. דאגעגען אבער, דער שאטען, וואס מיר זעהן אים יא, איז שוין ניט קיין קערפער, ווייל ער בעזיצט שוין ניט די פיער הויפטאייגענשאפטען.

די גרויסקייט פאן א קערפער, ווערט גערופען אין דער וויסענשאפט „פאלומען“ אונד די מאססע הייסט „פארם“ אדער „געשטאלט“.

קאפיטעל 3.

## קראפט.

אין אללגעמיינען קען מאן זאגען, אז קראפט רופט מאן דאס וואס עס פעראורזאכט, פערענדערט, און בעווענט, אדער עס הינדערט די בעווענונג. דער גרונד פון דער ערשיינונג פאן קראפט איז קיין מאל ניט אונמיטעלבאר, נור שטענדיג שליסט מאן פאן די ווירקונג אויף דער קראפט וועלכע ווערט מיטעלבאר, און אז אללע נאטור קרעפטען קאמען ארויס פאן איין איינציגען גרונדקראפט, און אז די קליינסטע קראפט אין דער וועלט לאזט זיך ניט פערניכטען, דאס האבען נאך אנערקענט די אלטע גריכישע פילאזאפען ווי "ערהאקליק", "דעמאקריט", "דעסקארטעס", אויך "נעווטאן", "באקאן" און נאך אנדערע.

אין ערשט געגען ענדע דעס 18טע יאהרהונדערט און אויך אין 19טען יאהרהונדערט איז דורך „לאפאאזיר“ און „ווענצעל“ בעוויזען געוואָרען, אז קראפט איז אונצערשטערבאר און זי מוס זיין אדער לעבעדיג, אדער פאן ענערגיע, דורך טהאט און בעווענונג. און כאטשע די פילאזאפיע האט אנערקענט די אורקראפט, איז דאך די גייסטיגע אייגענשאפט ניט בעוויזען געווארען, און וואס קראפט זעלבסט איז, דערפאן האבען מיר קיין בעגריף ניט וואס דאס איז אזעלכעס, וואס האלט אזוי שטארק צוזאמען דאס שטיק אייזען, שטיין, בליי, און דאס גלייכען. אויך בעגרייפען מיר ניט, וואס איז אזעלעכס "קאהעזיאן" וואס עס מאכט צו ציהען דעם שטיין און יעדע זאך צו דער ערד, וועלעכס מיר רופען „שווערקראפט“ אדער וואס איז אזעלכעס עלאסטיציטעט ? נור דאס וויסען מיר, אז יעדע ענדערונג פאן זיין פריערן צושטאנד, מוס האבען איין גרונד, איינע אורזאכע, און דיזע אורזאכע רופען מיר מיט דעם נאמען „קראפט“ צו געהן צוריק און וועלען וויסען, וואס עס איז אזעלכעס די ערשטע אורזאכע ? דערצו איז

שוין דער מענש זעהר קורצזיכטיג. דאס איז אים אומעגליך צו בעגרייפען און ווידער דאס אבּ צו לייקענען, אז עס איז נישטא קיינע ערשטע אורזאכע דארף מאן שוין זיין צו פרעך אדער צו דומם.

דער בעריהמטער פראנצויזישער געלעהרטער „מאלאבּראנך“ אדער „מאלאבּראנזש„ וועלכער איז פילייכט דער גרעסטער פילאזאף און טיעפסטער דענקער, וואס ער האט די גרינדע פאן „קארטעזיאוס“ מיט איינע אוננאטירליכע רעדעקראפט פערטיידיגט, האט ער זיין אייגענע מיינונג פארגעשלאגען: אז אין דער נאטור, מוזען אללע אורזאכען צוריק געפיהרט ווערען אויף גאט, אז נור גאט איז די אללער גרעסטע פערנונפט און נור דורך אים ערקענט דער מענש. אויך געפינט „מעלאבּראנזש„ אז נור גאט איז דיא אורבּארע ווירקונג, בּא יעדען וואורף, בּא יעדען שטויס און בּא יעדע בּעוועגונג איז גאט נעטהיג, און אז די גאנצע קערפּער־וועלט, איז לויטער וואונדער. אבּער, מיט זיין גאנץ טיעפּע ערקלעהרונג, האבּען מיר מעהר ניט ערציעלט ווי נור, אז אונזער אללעמענס וויסען, איז זעהר אבּגעגרעניצט. אבּער, וואס קראפט זעלבּסט איז אזעלעכס, דאס בּלייבּט פיר אונז דונקעל עס צו בּעגרייפען, און וואס אין אונז איז אזעלעכס בּלייבּט עס אויך דונקעל צו בּעגרייפען. מיר קענען נור פעראַטען, אז אויסער אונז איז פערהאנדען קראפט.

אזוי זאגען מיר אויך, אז אונזער האנד בּעזיצט קראפט צו ווארפען איין שטיין, צו טהון א זעטץ. און ווען מיר טהוען א שטויס א שטיין, א קוגעל צו עטוואס אנדערש, איז דאס פעראורזאכט פאן איין קראפט, מיר רופען דאס (קאהעזיאָן) צוזאמענהאלטונג און (אדהעזיאָן) אנ־ציהונגס קראפט. און אזוי רופען מיר „קראפט“ די הארטקייט, די עלאסטיציטעט. קורץ, מיר בּעצייכנען זעהר פיעל געגענשטענדע מיט דעם נאמען „קראפט“ ווייל אנדערש ווייסען מיר ניט ווי אזוי זיך צו העלפען. און ווי בּרייטער מיר זאלען נאך וועלען ערקלעהרען, מוס מאן אלץ קאמען דערצו, אז אונזער פערשטאנד איז קורץ. און אזוי ווי דאס איננערע וועזען פאן שטאף, איז פאר אונז מענשען פער־שלאססען, אזוי איז אויך דער בּעגריף פאן קראפט, וווייט פאן אונז צו בּעגרייפען. און ווענן צווישען די זאָגענאנטע פרייגעזאָנענע איז פערהאן דענקער, זענען זע געוויס נאך פיעל וועניגער אימשטאנד דאס צו ערקלעהרען. ווייל זע ווילען זיך דאך נאך אויסהיטען, אז זע

זאלען חלילה ניט אנקאמען צו דער אללגעמיינער ערשטע קראפט.
צו גאט.

קאפיטעל 4.

## גייסט.

גייסט, איז דער געגענזאטץ פאן מאטעריע, און ווערט בעטראכט פאר איין וועזען וועלעכס איז טהעטיג. די טהעטיגקייט פאן גייסט בעשטעהט פאן דענקען און וועלען. און ווענן דער גייסט ווערט פער־בינדען מיט איין קערפער, וואס ערווירקט אויף אים, הייסט ער „זעעלע" און דער קערפער איז זיין „לייב" די מענשליכע זעעלע, בע־זיצט נאך איין בעוואוסטזיין.

די פראגע וועגען דעם וועזען „גייסט" צו פערענטפערן איז אין דער פילאזאפיע און (פניימאטאלאגיע) גייסטער לעהרע איין (מעטא־פיזישעם) איבערזיננליכעס וועזען און עס ווערט (דאגמאטיש) גלויבענס־מעסיג ערקלעהרט. און וואס איינינע נעהמען אן, אז גייסטער האבען קערפערליכע געשטאלטען, אז מאן זאל זע קענען זעהן מיט מענשליכע אויגען, איז דאס נור איין פאלשער דמיון, אדער איין שווער־מעריי, איין בעטראג, ווער עס רעדט זיך אן צו קענען שטעהן מיט איין איבערנאטירליכעס אין פערבינדונג.

א טייל פסיכאלאגען מאכען איין אונטערשיד אין מענשען, אז די מענשליכע זעעלע איז איין פרינציפ פאן איינע העבערע נאטור. אונד אונטער מענשען פערשטעהט מאן גייסט, דעם בעגריעף אדער די אידעע וואס מאן דריקט אוים מיט ווערטער, אזוי ווי די בוכשטאבען, זע בלייבען טויט, פאר דעם וואס ער פערשטעהט זע ניט, אבער דער גייסט מאכט זע לעבעדיג צום פערשטעהן.

קאפיטעל 5.

## ווידער וועגען זעעלע.

ערשטענס, בעצייכענט מאן מיט דעם וואָרט זעעלע די אָרגאנישע לעבענסקראפט, דאס וואקסען און בעוועגונג און מאן נעהמט אן, אז די זעעלע קען עקסיסטירען אויך זעלבשטענדיג אוהן דעם אָרגאניזמוס. און אזוי ווי דענקען, פיהלען און וועלען, קען נור זיין אין איין לעבעדיגען

צושטאנד, נעהמט מאן דארום אן, אז דיזע איינענשאפט פאן לעבען האט די זעעלע אויך דאנן, ווענן זי איז אבגעטיילט פאן דעם מענש־ ליכען קערפער. דיזע אידעע איז ארייו געבראכט געווארען אין דער פילאזאפיע, דורך „סאקראטוס“ און „פלאטא“ און עס ווערט בע־ הויפטעט, אז די זעעלע זעלבסט איז איין עטוואס (איממאטעריעלעס) ניט קיין קערפערליכעס.

נאך היינטיגען אויסדרוק, בעדייטעט זעעלע איין סובסטאנץ אדער איינע קראפט וועלכע איז פעהיג ארויס צו ברענגען טהעטיג־ קייט צו דענקען, צו פיהלען, און צו וועלען אונד אין אונזערע מאָ־ דערנע צייט איז דאס געווארען צו איינע זעהר בעדייטענדע פראגע: אין וואס פיר איין אופן זי איז ווירקזאם אין דעם קערפער? און זעעלע מיט גייסט האבען באלד די זעלבע גלייכע בעדייטונג און דער־ מיט מיינט מאן איין איממאטעריעלישעס וועזען.

## קאפיטעל 6.

## דער וכוח.

דיע וועלכע לייקענען אין גאט טענהנען: אז דער וואס ער וויל בעווייזען, אז עס איז יא פערהאנדען א גאט, וואס ער איז די ערשטע אורזאכע, מוס ער זיין דער ערשטער אנפאנגען צו בעווייזען. זייער מיינונג איז דערמיט איינע צוויי פאכע: ערשטענס, איז צו שטעלען פראגען, שטענדיג לייכטער, ווי צו פערענפערן. צווייטענס, מוס מאן צוגעבען שטענדיג האבען איין מייסטער, און צערשטערן קען יעדער. אזוי ווי דאס שפריכווארט זאגט: אז קאליע מאכען קען א קאטין אויך. נאך דער לאגיק אבער, קאמט אויס פונקט פערקעהרט, אז פריער מוס דער לייקענער (כופר) ברענגען בעוויזע. וויל ווענן צום ביישפיעל, עס זאל נאך קיין זאך ניט עקסיסטירען, וואלט מאן דעמעלט בעדארפט ברענגען בעווייזע, אז יעדע זאך מוס געשעהן דורך איינע אורזאכע. אבער ווענן מיר זעהען שוין יעצט פאקטיש, אז יעדע זאך האט איינע אורזאכע און איינער וויל דאס לייקענען, מוס געוויס דער אבלייקענער פריער ברענגען פאקטען צו בעווייזען, אז עס קען ווערען איינע אורזאכע אוהן א ערשטע אורזאכע.

קאפיטעל 7.

## אונדענקבארעס.

די (כופרים) לייקענער טענהן: אז אזא געגענשטאנד וואס עס איז ניט דענקבאר, דאס הייסט, וואס מאן קענן זיך אים ניט פאר־שטעלען, קען דאס אויך ניט פערהאנדען זיין. און ווייל די ערשטע אורזאכע איז דאך ניט דענקבאר, דאס הייסט, אז דער מענשליכער פערשטאנד קען אים ניט בעגרייפען, קאמט דארום אויס נאך זייער לאגיק, אז דארום קען קיינע ערשטע אורזאכע ניט זיין.

אבער דאס קען אויך קיינער ניט אבלייקענען, אז פאן ניכטס קען קיין זאך ניט ווערען. האט דאך נאך זייער לאגיג אלעס גע־מוזט זיין, גאר ניט ווערענדיג. דאס הייסט ניט אנפאנגענדיג. און דאס איז דאך פיר אונז מענשען ניט דענקבאר. און עס איז דאך דא. מוס מאן דאך שוין זאגען אז יעדע זאך האט געמוסט האבען איינע אורזאכע, און אזוי געהן צוריק אוהן איין ענדע, ווייל נאך זייער מיינונג איז דאך קיין ערשטע אורזאכע ניטא און עס איז טאקע אויך ניט געוועזן. קאמט דאך אויס, אז עס איז קיין מאל קיין אנפאנג ניט געוועזן, און דאס קענן דאך קיין מענש אויך ניט בעגרייפען. איז דאך שוין זייער טענה פאלש. קענן דאך שוין ניט זיין לאגיש וואס זע זאגען: אז אלעס איז אוהן איינע ערשטע אורזאכע געווארען.

קאפיטעל 8.

## די כופרים זעלבסט זענען גאר גלויביגע.

דאס איז שוין בעוואוסט, אז וואו עס ענדיגט זיך דאס וויססען פאנגט זיך אן דער גלויבען. און פאר אונז איז יעצט פערהאנדען זאכען וואס מיט דעם פערשטאנד קען מאן צו זע ניט קאמען, דארום מוס מאן אנקאמען צו דעם גלויבען. נור, אום ניט צו זיין פארטייעש; ווייל די לייקענער וועלען געוויס וועלען, אז מאן זאל זע גלויבען און די מאמינים וועלען פערלאנגען מאן זאל זע גלויבען. איז דארום באַ אונז געבליבען די בעסטע פשרה (פערגלייך) אז מאן זאל גלויבען אין דעם, וואס דער געראדער פערשטאנד וועט אנערקענען, פיר לייכטער און לאגישער צו גלויבען.

אַלזאָ, דיא (כופרים) לייקנער בעהויפטען, אז אללע אוהן איין שיעור זאַכען וואָס מיר זעהן, זענען זע אזוי געוועזען, גאר ניט אנפאַנגענדיג. און דאס צו בעווייזען מיט דעם שכל זענען זע דאָך געוויס ניט אימשטאנד, מוזען זע דאָך שוין זאָגען, אז זע גלויבען אזוי. קאמט דאָך שוין אויס אַז זע זענען גאר ניט קיינע כופרים, נור גלויביגע. איז שוין יעצט דער אונטערשיעד אזוי: די כופרים־גלויביגע גלויבען, אז עס איז פערהאן אוהן איין שיעור אונבעגרייפליכעס, וועלכע זענען פאן עוויגקייט ביז עווינקייט, און מיר מאַמינים גלויבען אז עס איז נור פערהאנדען איין איינציגער אונבעגרייפליכער, און ער איז פאן עווינקייט ביז עווינקייט און איז דיא ערשטע אורזאַכע פאן אללעמען. און אים בעצייכנען מיר מיט דעם נאמען „גאָטט". אצינד, זאל ווער זאָגען צו זאגט ניט דער געזונדע פערשטאַנד: אז עס איז לייכטער און לאָגישער צו גלויבען אין איין איינציגען אונבעגרייפליכען ווי אין פיעלע אונבעגרייפליכע?

און ווי טרעפליך זאגט פראפעסאר „לאַזארוס": אונזער גייסט, קענען אנדערש ניט דענקען, ווי נור, אז דער אונבעוואוסטער שטאָף, די מאַטעריע פאן דער וועלט, אז זי האט געוויס קיינע געדאנקען ניט. קענן דאָך אנדערש ניט זיין, ווי נור אז דער גאנצע אוניווערזום ווי אזוי ער איז.—מיט די אלע אונענדליכע פיינהייטען, מיט די ערשיינענדע אָרדנונגען און געזעטצע וואס עס איז אין זע פערהאנדען, אז דאס אַלעס איז נור איין שטראַהל פאן איין אונענדליכען, אונבעגרייפליכען גייסט.

קאפיטעל 9.

## בעווייזע אז מאן מוס גלויבען אין איין איינציגען אינבעגרייפליכען.

יעצט, לאָמער ווידער קלעהרען: דער פערשטאנד זאגט אונז, אז יעדעס וואס עס איז אמאל געווארען, האט א מאל געמוזט האָבען איין אנפאנג. קאָמט דאָך אויס, אַז אַמאל האט געמוזט זיין אַזאַ צייט, וואָס דעמעלט איז אַבסאָלוט גאר ניט געוועזען, ניט קיינע מאַטעריע און ניט קיין גאָט, האט דאָך איינס פאן דיזע ביידע בעדאַרפט ווערען פאן ניכטס, און פאן זיך זעלבסט, און וייל מיר זעהן דאך בפקטיש, אז מאטעריע איז פערהאנדען, אונד אוהן איינע אורזאכע עס

זאָל זיין, איז דאך דאס ניט דענקבאַר. האט דאך איינס פאַן די ביידע, אָדער גאָט, אָדער די מאטעריע געמוזט זיין די ערשטע אור־זאַכע, קאָמט דאָך שוין ווידער ניט אויס לאָגיש, אז מאן זאל זאָגען, אז וואס מיר בעגרייפען ניט, קענן אויך ניט זיין. מוס מאן דאָך אצינד קאָמען צו איין נייען בעשלוס: אז עס איז געוויס פערהאַן אזעלעכס וואס מיר בעגרייפען ניט, ווייל אונזערע (חושים) זיננע זענען אבגעגרע־ניצט. קאמט שוין אויס אז מאן קענן יאָ בעהויפטען אזעלעכס וואס אונז איז דאס ניט מעגליך צו בעגרייפען און מיר האבען אויך געגוג פאקטען, אז עס איז פערהאנדען אונבעגרייפליכעס, ווייל אונזערע זיננע און אונזער פערשטאַנד איז זעהר אבגעגרעניצט. דיזע פאקטען, וועלען מיר באלד ברענגען אין די ווייטערע קאפיטלען, און יעדער מענש מיט א געראדען פערשטאנד, וועט עס מוזען אנערקענען. דערווייל אבער מוס יעדער צו געבען, אז איידער צו גלויבען אין פיעלע אונבעגרייפליכע, אז זע זענען די ערשטע אורזאַכע, און פיעלע קענען דאָך קיין ערשטעס ניט זיין, איז געוויס לאָגישער צו גלויבען, אז נור איין איינציגער אונבעגרייפ־ליכער, איז די ערשטע אורזאכע פאַן אלעס, און דאס איז גאָטט.

## קאפיטעל 10.

## כופרים מוזען זיין גלויביגע אדער לייכטזיניגע.

און ווענן די כופרים, ווילען זיך דוקא האלטען אין זייער אונ־גלויביגקייט. באָטש זע האבען קיין בעוויז צו זייער אונגלויביגקייט, דארפען זע זיך ניט רופען כופרים נור „לייכטזיניגע" ווייל זע ווילען בלויז זייער עקשנות אויספיהרען, און ווענן בא זע קאמט אויס זיך לייכטער צו האלטען אין זייערע פיעלע אונבעגרייפליכע. איז גלייך ווי איינער זאל זאָגען: אז א גאנצע געביידע פאַן ציגעל קען זיין, אבער איין איינציגער ציגעל קענן ניט זיין. איז דאס ניט לעכערליך? קען מאן אזא געדאנק האלטען פאר לאָגיג? און ווער פערשטעהט עס ניט, אז ווענן עס איז פערהאַן פיעלע אונבעגרייפליכע, איז איינעס געוויס דאָ און מאן מוס גלויבען, אז דער איינער איז די ערשטע אור־זאכע פאַן אלע אורזאַכען.

קאפיטעל 11.

## בעווייז, אז די ערשטע אורזאכע מוז האבען איין וויללען.

דער פערשטאנד מוז אנערקענען איינס פאן די צוויי זאכען: ענטוועדער אלעס איז געווארען דורך איין צופאלל (מקרה) אדער דורך אבזיכט (כונה). צופאלל הייסט, ווענן בא איין ווירקונג פאן א זאך איז ניט געדענקט געווארען און ניט געפלאנט געווארען, און דאס דערקענט מאן, ווען מאן געפינט ניט אין דעם ווירקונג קיין ארדענונג, קיין שעהנהייט און קיין צוועק. אבזיכט הייסט, ווענן אין דער ווירקונג געפינט זיך שוין יא ארדענונג, שעהנהייט און צוועק. איז דאס איין בעווייז, אז דערביי איז שוין געדענקט געווארען און געפלאנט געווארען. אבער דאס מוס יעדער אנערקענען, אז אין דער וועלט געפינט זיך ארדענונג, שעהנהייט און צוועק. האט דאך די וועלט געמוזט ווערען מיט אבזיכט (כונה), וויל אזא סיסטעמאטישע ארדענונג וואס עס דויערט שוין טויזענדע יאהרען קענן געוויס ניט זיין דורך איין צופאלל, איז דאך דאס שוין א פעסטער בעווייז, אז די ערשטע אורזאכע, האט אלעס בעשאפען מיט אבזיכט. און אבזיכט קענן דאך ניט זיין אוהן איין וויללען. אונד אין דער מאטעריע געפינט זיך געוויס ניט קיין וויללען.

קאפיטעל 12.

## איין פאקט אז גאט איז איין כל יכול.

ווענן מיר זעהן, אז אין אללעמען איז דא קראפט, קלוגהייט, און גרויסקייט, מוס דאך גאט זיין קלוג איבער אלע קלוגהייט. שטארק איבער אלע שטארקהייט און גרויס איבער אלע גרויסקייט. און אזוי ווי עס איז קיין צווייפעל ניט מעהר, אז גאט איז די ערשטע אורזאכע פאן אללעמען, מוס ער דאך זיין אללוויסענד, וויל, אז אללעס איז פאן אים געמאכט, מוס ער דאך אללעס וויסען, איז ער געוויס אלל-וויסענד און אללמעכטיג.

קאפיטעל 13.

## בעווייזע, אז מיר מוזען אנערקענען, אז עס איז פערהאן אונבעגרייפליכעס.

מיר האבען אויך גענוג פאקטען, אז מיר מוזען אנערקענען, אז עס

איז פערהאַן אונבעגרייפליכעס, כאָטש אונזערע חושים קענען זיא ניט בעגרייפען. ווייל דורך די ווירקונג, פערשטעהן מיר, אז עס איז געוויס פערהאַן א זאַך, וועלכע פעראורזאַכט דיזע ווירקונג. אבער די זאַך זעלבסט, קענען מיר ניט בעגרייפען. צום ביישפיעל: לופט, עלעקטריציטעט, מאגנעטיזמוס, היפּנאָטיזמוס און נאך פיעלעס, ווי מיר וועלען עס באלד דערמאהנען. מיר זעהן צום ביישפיעל, אז א נאדעל ווערט צוגעצויגען צו דעם מאגנעט. מוס מאן דאך זאגען, אז ניט אנדערש, נור אז די נאדעל ווערט פאן עטוואס אנגענומען און דיזער עטוואס, איז געוויס איין געגענשטאנד, און ער שלעפּט עס די נאדעל, כאָטש מיר זעהן דעם געגענשטאנד זעלבסט ניט. די ווירקונג אבער וואס מיר זעהן, אז די נאדעל ווערט געשלעפּט, איז איין גענוג בעווייזענדער פאַקט, אז עס איז געוויס פערהאן א געגענשטאנד, נור מיר קענען אים ניט בעגרייפען.

אזא וועזען וואס מיר זעהן און פיהלען, רופען מיר עס „מאטעריע“ און אזא וועזען וואס מיר זעהן עס ניט זעלבסט, נור די ווירקונג פאַן דעם וועזען זעהן מיר, רופען מיר דאס „גייסטיגעס“.

מיר זעהן דעם טעלעגראף, מיר פערשטעהן אויף די באַטעריע, מיר זעהן אויך און פיהלען די ווירקונג. קענען מיר בעגרייפען די עלעקטערי קראַפט זעלבסט? ניין! און דאך ווייסען מיר זיכער, אז אזא קראַפט איז פערהאן אין דער נאַטור, וועלכע מיר רופען מיט דעם נאמען „עלעקטעריע“.

קאַפּיטעל 14.

## נאך מעהר דונקעלע אונבעגרייפליכע זאכען.

אצינד וועלען מיך ברענגען בעווייזע, אז עס איז נאך פערהאַן גענוג זאכען, וואס אפילו די גרעסטע געלעהרטע מעננער, האבען אויך פאן זיא קיין שום בעגריף ניט, און דאך מוזען זיא עס אנערקענען, אז דאס איז אונבעגרייפליך. און יענע אונבעגרייפליכע זאכען רופען מיר „גייסטיגע“, ווייל מיר זעהן נור די ווירקונג פאן זיא, אבער ניט זיא זעלבסט.

קאַפּיטעל 15.

## מענש און זעעלע.

עס איז בעקאַנט דאס שפּריכווארט: היינט רויט מארגען טויט. דאס

הייסט, אַט ערשט איז איינער געווען געזונד און שטארק, פול מיט לעבענסקראפט און שוין ליגט ער, אוהן א פונק לעבען און איז טויט ! שטאף, גליעדער און געשטאלט זעהט אויס פונקט דאס זעלבע, נור דאס לעבען פעהלט אין אים. דאס הייסט, בעוואוסטזיין און בעווע־גונג איז שוין אין אים מעהר ניטא. פרעגט זיך יעצט: האט ניט אין דיעזען קערפער פריער געמוזט זיין איין עטוואס וואס דאס הייסט לעבענסקראפט, וואס דאס האט אים געמאכט בעוועגען און בעוואוסט? און אצינד, איז דאס שוין פאן אים אוועק געפלויגען. און דאס איז איין עטטוואס וואס עס איז ניט זיכטבאר. מוס עס דאך זיין איין גייסטיגעס! אַט דיזעס געהיימנים וואס מיר קענען דאס קיין מאל ניט בעגרייפען, וואס פריער האט עס דעם קערפער בעלעבט און בעוואוסט געמאכט, אַט דאס רופען מיר מיט דעם נאמען „זעעלע“.

אצינד פרעג איך אייך, איר אויפגעקלעהרטע און וויסענשאפטליכע מעננער, בעמיקער, פיזיקער, נאטור פאָרשער און מחקרים, איר זענט דאך קלאהר אין די געזעטצע פאן דער נאטור, ווי א איר אין אשרי זענט איר אימשטאנד די מענשליכע זעעלע מיט איהר פיהלען, דענ־קען און וועללען, צו ערקלעהרען? זענט איר אימשטאנדע אונז צו פערשטעהן געבען, וואס איז אייגענטליך דאס דענקען? וואס איז דאס בעוואוסטזיין און ווי אזוי ווערט עס אין דעם מענשען? אבער מוס דענן ניט די נאדערנע וויסענשאפט אויך אנערקענען, אז וואס עס בעלאנגט צו דעם גייסטיגען לעבען פאן דעם מענשען און וואס אים האלט צוזאמען, אז דאס איז איין רעטעניש. וועלכעס קיין מענש קען עס ניט ערקלעהרען? און כאטשע דיא וויסענשאפט האט שוין זעהר פיעל אויפגעטהון אין דער מאדערנע צייט. אבער ווי אזוי דער געהירן אפאראט ארבייט? ווי אזוי עס ווירקט אויף די נערוועז? ווי אזוי די ליכט שטראהלען, אדער די ליכט וועללען טרעפען אין מיין אויג אריין? און ווי אזוי מיין אינערעס גייסטיגעס ווירקט? דאס אלעס מוס פערבלייבען פראגען, וועלכעס מאן דארף דאס ערשט פערענפערן. דערווייל אבער איז דאס פאר אונז אללעמען פערהילט און פערזיע־געלט מיט א טיעפע דונקעלהייט. דארום האבען מיר דאס רעכט צו אגען, אז אין דעם מענשען וואהנט איין אונבעגרייפליכעס, נאך ניט קיין ערקלעהרטעס לעבענס אורזאכע. און דאס דענקען מיר איז איין

בלייבענדעס וועזען וועלכעס עס לעבט אויף דאנן, ווענן עס טיילט זיך אב פאן דעם קערפער. אזוי ווי מיר וועלען עס נאך ווייטער מעהר בעווייזען.

קאפיטעל 16.

## די זעעלע.

רוסא זאגט אין זיין עמיל צווייטע טייל 149: ווי אזוי קענן איך זיך שטעלען גלייך צו איין טהיער? ווענן איך זעה דאך אין דעם מענישען אזוי פיעל מעלות, וואס אין קיין טהיער איז דאס ניט צו בעמערקען. וועלכעס טהיער פערשטעהט צו שעטצען און בענוטצען דאס פייער? וועלכעס טהיער בעגרייפט צו בעוואונדערן די זונן מיט דעם גאנצען אוניווערזום? וועלכעס טהיער איז אימשטאנד צו ליבען די ארדנונג, שענהייט און טוגענד?

און וואס מעהר איך דענק וועגען דעם מענישענס גייסט, אלין מעהר ווער איך איבערצייגט, ווי פעראירט די מאדערנע מאטעריאליסטען זענען, מיט זייער אנרעדען זיך, אז דער מענש איז נור א מאשין. האבען זע נאך געזעהן איין מאשין וועלכע זאל קענען דענקען? זי זאל זיך קענען איבערלעגען. ווי אזוי קען מאן לייקנען, אז אין דעם מענישען איז ניטא איי עטוואס, וואס עס לעבט און מאכט אים אלעס טהון? קיין שום מאטע־ריעלער געגענשטאנד קען ניט זיין טהעטיג דורך זיך זעלבסט און איך בין דאס יא.

מענש! פארש ניט, קלעהר ניט לאנג נאך, פאן דעם שלעכטס וואס עס טרעפט דיך, ווייל דו זעלבסט ביזט די אורזאכע פאן דיין שלעכטס, און קיין אנדער שלעכטס איז ניטא, נור וואס דו זעלבסט טהוסט און דורך דעם ליידעסטו, און דיזעביידע, די אורזאכע און דאס ליידען געהן ארויס פון דיר זעלבסט. אבער אין דעם וועלט סיסטעם, זעה איך איינע ארדנונג וועלכע איז שטענדיג גלייך. בעזאנדערס, איז דאס ליי־דען פאן דעם מענשעז בעלאנגט אין דעם עמפפינדונג און דאס האט ניט דער מענש פאן דער נאטור געגאמען, נור ער זעלבסט, אדער די ערציהונג האט עס אין זיך דערוועקט. ראהמט נור אויס די פעהלער וואס מיר זעלבסט מאכען! ראהמט נור אויס די זינד, וואס מיר בעגעהן! ראהמט נור אויס די ליידענשאפטען, וואס מיר זענען אין זע פערזינקען! וועט שוין אלעס ווידער גוט זיין.

און דארט וואו אלעס איז גוט קענען קיין אונרעכט ניט זיין. דאס האט נאך שלמה המלך געזאגט מיט טויזענדע יאהר צוריק: אולת אדם תסלף דרכו ועל ד' יזעף לבו. דאס הייסט, דער מענש איז פערנאררישט אין געהט אין קרומען וועג און אויף גאָט איז ער בעז. גאט איז גוט, ווייל דער, וואס יעדע קראפט שטעהט אים צו דיענען און צו פאָלגען, דער קען נור וועלען דאס גוטע. און וואס מעהר איך דענק, וואס מעהר איך איבערלעג מיך און וואס מעהר איך קלעהר נאך, אלץ קלעהרער זעהט מיינע זעעלע די ווערטער געשריבען: זיי נור גערעכט, ועסטו שוין גליקליך זיין. פיעלע גלויבען, אז גאָט איז זע שולדיג גוטעס צו טהון נאך עהדער זע האבען דאס פערדיענט. מאן בעקאמט אבער ניט דעם פרייז, פאר דעם זיעג. און מאן דארף צו דומם זיין צו פערלאנגען בעצאהלט צו ווערען נאך פאר דער ארבייט.

און ווען די זעעלע איז (איממאטעריעל) ניט קיין קערפערליכעס, קענען זי דאך געוויס דעם קערפער איבערלעבען. דארום, ענדיגט זיך ניט אללעס מיט דעם ערדישען אב לעבען. און ווענן דעם שלעכטען געהט צו מאל גוט און דעם גערעכטען געהט צו מאל שלעכט, איז דאס נאך ניט די ענדע וואס מיר זעהן. געוויס, קען קיין בעגרעניצטער פערשטאנד ניט בעגרייפען, וואס פיר איין ארט לעבען דארט איז. און ווען איך בעטראכט נור די וועלט אָרדנונג, קענען איך ניט זיין אזוי דומם און גלויבען, אז אין אלעמען איז פערהאן ארדענונג, נור אין מיר ניט? איין יעדער מענש מוס צו איין צוועק זיין, און וואס האט דאס מיך אנצוגעהן, ווענן די שלעכטע געהט גוט און די גערעכטע געהט שלעכט? די העכסטע גערעכטיגקייט וועט שוין וויססען וואס זיא האט צו טהון. און דאס איז אויך זיכער, אז קיין רוהיג צופרידענעס געוויסען, קענען דער שלעכטער ניט האבען, אפילו דאנן ווענן אונז דאכט זיך אויס, אז ער לעבט און געניסט אויף דיזער וועלט, און וואס קענן איך נאך וויסען וואס אין יענעם לעבען וועט זיין? די העכערע פערנונפט וואס זי רעגירט די גאנצע וועלט, וועט מיר געוויס קיין אונרעכט ניט טהון. עס איז גאר אומזיסט מיין ערהעבען זיך, צו דענקען וואס עס קענען זיך טהון, מיט מיין לעבעדיגען כובסטאנץ וואס ער בעזעעלט יעצט מיין קערפער. ווענן קיין פאָרשטעלונג פאן דער זעעלע איז אונז ניט מעגליך צו האבען פאן איהר וועזען. דאס וועלטאלל אוז אלעס וואס איז געבילדעט און עקסיסטירט, איז געוויס געשאפען און גאט איז אוהן איין צווייפעל די ערשטע אורזאכע פאן אלעמען און ער איז עוויג. איז אבער מיין גייסט

אימשטאנד די עווינקייט צו בעגרייפען? אזוי פיעל בעגרייף איך אז ער האט עקסיסטירט נאך עהדער אלעס איז געוועזען און וועט זיין זאלאנג אלעס וועט געדויערן און וועט נאך זיין אויך דאנן, וועגן אללעס זאל א מאל אויפ־הערען. אבער אב צו לייקענען גאט, דאס איז אונבעגרייפליך, דאס איז איין אבסורדיטעט זיך דערמיט נור לעכערליך צו מאכען.

קאפיטעל 17.

## בעווייז אז די זעלע איז אונשטערבליך.

אללע פילאזאפען נעהמען אן, אז די זעלע איז איין סובסטאנין־בעגריף און איין פיר זיך בעשטעהענדעס וועזען און קענן ניט צער־שטערט ווערען. און ווי באלד זי קענן ניט צערשטערט ווערען, מוס זי דאך זיין אונשטערבליך. און אזוי ווי מיין זעלע קען פאן קיינעם ניט ווערען גיעפיהלט נור פון מיר זעלבסט, מוס די איבערצייגונג אויך זיין איינע פערזענליכע. דאס הייסט, אז יעדער פיהלט זיין זעלע אין זיך, ווייל אוהן א זעלע, קען דאך גאר ניט געפיהלט ווערען און ניט געדענקט ווערען. אויך ווייסען מיר, אז די אורזאכע וועלעכס עס בע־איינפלוסט אויף אונזער שפראכע, איז נור די זעלע, ווייל אפילו ווענן מיר דענקען און מאן רעדט ניט, טראכט מאן אויך די ווערטער אין די געדאנקען. און די געהירן דיענען נור פיר איין מיטעל, אלע אויסדריקע און אלע בעוועגונגען פאן דער זעלע נאך אויסען צו פערווירקליכען.

פיזיאלאגיש קענן דיזע נאטירליכע טהעטיגקייט, פאן דעם דענקען פאן דעם בעלעבטען קערפער, ניט בעטראכט ווערען, ווייל די געדאנקען קען מאן דאך ניט זעהן און ניט הערען. דאס איז נור איין בעוואוסטזיין פאן א טהאט זאכע פאן איינע ערפאהרונג, און מיר האבען קיין גרונד ניט דאס צו בעטראכטען צו איין פיזיאלאגישען געגענשטאנד. און אונזערע אידיישע געלעהרטע זאגען אויך, אז די נשמה איז רואה ואינה נראה, זי זעהט אבער זי קענן ניט געזעהן ווערען.

קאפיטעל 18.

## אך א פאקט אז די זעלע איז אונשטערבליך.

ווידער איין בעווייז: ווענן איך זאג דאס ווארט „איך" מיין איך דערמיט דאס זעלבע, וואס אנדערע מיינען ווענן זיי רעדען פאן מיין זעלע

אין מיט דעם ווארט זעעלע בעצייכענט מאן, איין אונבעגרייפליכען גענענ־שטאנד וועלעכס עס האט די פעהיגקייט צו קלעהרען, צו דענקען, צו פיהלען און טהון און דאס בעלעבט דעם גאנצען קערפער אונד דאס וויכטיגסטע פאן די זעעלענטהעטיגקייט נעהמט מאן אן דאס דענקען, וועלעכס מאן האט על פי טעות דאס אנגעהאנגען אין די געהירן. אבער דאס קאמט נור דערפאר, ווייל מיר זענען געוואהנט צו זעהן בעוועגונגען נור קערפערליכע, ווענן איך בעוועג מיין האנד בעמערק איך איין ענ־דערונג אין דער לאגע אדער איך שליס, אז דאס איז דורך איין געוויסעס פארקאמען אין די מוסקעלן, אין די נערוועז אונד אין די געהירן, ווייל די זעעלע זעלבסט קענן מאן דאך ניט בעגרייפען

אין אמת אריין אבער, בעלאנגען אלע ענדערונגען צו איינס פאן די צוויי זאכען: ענטוועדער זיי זענען פאן די חושים וואס זיי געשעהען אויסער מיר, אדער זיי זענען פאן אזא וועזען וואס מאן קענן עס ניט זעהן און ניט אנטאפען, און דאס בעלאנגט גאר ניט צו די חושים, און די חושים זענען נור, אז דורך זיי זאל מען בעוואוסט ווערען, אז עס איז פערהאן א זעעלע. דאס צווייטע מוס מאן אננעהמען פאר איין געוויסהייט און דאס ערשטע פאר איין וואהרשיינליכקייט. צום ביישפיעל: איך שרייב מיט מיין פעדער, בעלאנגט יעצט די פעדער צו מיין האנד, זי בעוועגט זיך ווי אזוי איך וויל, און דאס איז געוויס, אז די געדאנקען פליסען ארויס פאן דעם שפיטץ פאן מיין פעדער און עס איז פערהאן געוויסע גרונדע צו גלויבען, אז די געדאנקען קאמען פאן די געהירן און ווען איך זאג צום ביישפיעל, אז א ווארט הייגגט אויף דער שפיטץ פאן מיין פעדער, איז גלייך ווי איך זאל זאגען, אויף מיין שפיטץ צונג, ווייל די צונג איז דאך אויך אייגענטליך, נור איין געצייג פאן מיין זעלבסט, און אזוי איז מיין גאנצער קערפער נור איין געצייג פאן מיין זעעלע.

קאפיטעל 19.

## נאך א פאקט אז די זעעלע איז אונשטערבליך.

פאן דער נאטור וויסענשאפט האבען מיר אויך איין פאקט, אז די זעעלע איז אונשטערבליך, עס איז בעקאנט, אז אונזער לייב איז אין איין שטענדיגען (חלוף) וועכסעל מיט די שטאפען, מיר נעהמען אין זיך אריין נאהרונג פאן פעסטע שטאפען און פאן פליסיגע געטרענקע און

איך פאן דער איינגעאַטעמטע לופט, דאס אלעס ווערט איבערגע־פיהרט אין אונזער בלוט, פאן דעם ערנעהרען מיר אלע מוסקלען, נערוועןן און גליעדער, אונד די פריערינע טיילען געבען מיר צוריק אב. דארום, קאמט אויס, אז אין א צייט פאן עטליכע יאהר, איז מאן שוין ניט דער וואס מיר זענען פריער געוועזען, ווייל פאן די פריערינע קערפער־טיילען איז שוין אין אונז גאר ניט געבליבען. אזוי געהט עס צו אין אונזער קערפער אוהן איין אויפהער. נייע שטאפען קומען און די אלטע געהן אוועק.

דיזער שטענדיגער וועכסעל (חלוף) בעווייזט, אז אונזער גייסטיגעס דענקענדעס וועזען, פערבלייבט שטענדיג דאס זעלבע. דארום בין איך דער זעלבע פערזאהן וואס איך בין געוועזען פריער מיט 10, 20, 30 יאהר און זא ווייטער און וואס מיין פערזאהן האט די גאנצע צייט געליטען אדער ערפאהרען, וויים איך פאן אללעמען. און בין דער זעלבע „איך" מיט דעם זעלבען בעוואוסטזיין ביז היינט, איז דאס ניט איין פעסטער בעוויז, אז פאן מיין דענקענדען גייסט, איז גאר ניט געמינערט גע־ווארען? ווייל ווען מיין גייסט זאל קענען געענדערט ווערען, אזוי ווי מיין לייב, וואלט דאך דער גייסט שוין אויך ניט געוועזען דער זעלבע אין פערלויף פאן עטליכע יאהר, פונקט ווי דער קערפער איז ניט מעהר דער זעלבע. ווענן עס זאל אזוי זיין, וואלט דאך דער נייער גייסט ניט בעדארפט וויסען וואס פריער האט זיך געטהון מיט דעם אלטען גייסט? און ווענן ער געדענקט יא אללעס ריכטיג, איז דאך דאס איין פאַקט, אז פאן דעם גייסט קענן ניט געמינערט און ניט געענדערט ווערען. קענן דאך שוין דער טויט אים אויך ניט ענדערן, און אזוי איז גאנין לייכט צו קומען צום בעשלוס, אז אונזער סובסטאַנין מוס עביג דויערן.

קאפיטעל 20.

## נאך מעהר ערקלעהרונג וועגען דער זעעלע.

פאן די אלע שטאפען פאן מיין הערין און געהירען, א. ז. וו., וואס איך האב מיטגעבראכט פאן מיין מוטערלייב, איז שוין פאן זיי אפילו קיין סמן ניטאָ אין מיר און מיין „איך" איז אלין דאס זעלבע, און ווענן איך רעד ארויס דאס ווארט „איך" קענן ניט זיין, אז איך מיין דערמיט איינס צו מעהר פאן מיינע גליעדער, אדער מיין גאנצען

קערפּער, איין פאַקט דארויף, אז ווענן איך שטארב, און מיין קערפּער מיט זיינע אַלע גליעדער איז איבער געבליבען, פעהלט שוין דאנן דער „איך" ווייל דאס וואָרט „איך" בעצייכענט נור די נשמה, וואָס זי איז דאס עבענבילד פאן גאָט (דמות אלוהים) און דיזעס בעלעבענדעס וועזען, גיבט זיך אונז צו ערקענען, דורך דעם פערשטאנד, דורך גוטע זיטטען אונד דורך דאס גלויבען אין איין איינציגען גאָט, און ווענן עס פעהלט דיזע דריי זאַכען, פעהלט אים אויך די נשמה (נפש המשכלת.)

אָבער צו זעהן און בעגרייפען די נשמה, דאס איז שוין פיר דעם מענשליכען פערשטאַנד ניט מעגליך. מאן קענן נור דעם מענשליכען פערשטאנד איבערצייגען, דורך געוויסע פאַקטען, ווי צום ביישפּיעל: אז יעדע טהעטיגקייט מוס וויזען אויף איין טהוער און ווענן איך בעוועג מיין האנד, מיין פוס, מיין אויג, א. ז. וו. זאג איך „מיין" האנד „מיין" פוס, „מיין" אויג, ווער איז עס דער „מיין"? איך קענן ניט זאָגען, אז דאס קאָמט פאָן די געהירן, ווייל ווער ברענגט עס דענן אין די געהירן? דאס בלוט צירקולירט, ווער מאכט עס, אַז עס זאָל צירקולירען? עס קאָמט מיר פאַר איין געדאנק, און דיזער געדאנק ווערט אויסגעשפּראכען ווער פעראורזאכט דאס? און וואָס געהט פאָר אזעלעכס אין די געהירן ווענן מיר דענקען און רעדען? אָבער דאס אללעס ווייסען מיר קיינער ניט, דאס איז ביי דעם כעמיקער אויך איין רעטיניש. יאָ, די געהירן זענען אַזאַ קערפּערטייל, וועלעכס איז נאָך פיעל וועניגער בעקאנט פאַן דעם מאַגען און פאָן די לונגען, ווייל ווי אזוי דער מאגען און די לונגען ארבייטען קען מען כאָטש זעהן, אבער די געדאנקען קענן קיינער אין די געהירן ניט זעהן. און ווענן איינער ליגט בעוואוסטלאָז, דערקענט מאן נור אין זיין שטילל בלייבען, אבער פאן זיין זעלבסט איז ניט מעגליך זיך איין בעגריף צו מאכען, גיכער קענן מאַן זאגען, אַז דאס דענקען מאכט איין איינפלוס אויף די געהירן, אבער ניט די געהירן אויף דאס דענקען, און דאס דענקען, פעראורזאכט די זעעלע. עס איז אפילו פאַלש דער אויסדרוק: „מיינע זעעלע" ווייל, איך זעלבסט בין דאָך די זעעלע.

קאפּיטעל 21.

## די פערגאנגענהייט פאן דער זעעלע.

מאן קאן פרעגען: ווי באלד די זעעלע איז איין עוויגער סוב־

סטאנין, איז זי דאך געװיס געװעזען נאך פריער פאר מיין קערפער, איז דאך א פראגע, װארום זאל איך זיך ניט קענען דערמאהנען אין איינע פערגאנגענע צייט? אונד כאָטשע מיר קענען אזוי װייט ניט דערלאנגען מיט אונזערע חושים, קענן מאן אבער דאס פערענפערן, מיט איין אנדער פראגע: אָבער אין די ערשטע מאָנאטען, פאן מיין ערדישען לעבען קענן מאן שוין געװיס ניט צװייפלען, אז איך האב שוין דאנן עקסיסטירט, פאָן דעסטװעגען, זענען די דעמעלדיקע איינדריקע פערגעסען געװארען, און אפילו די שפּעהטערע איינדריקע פאן מיין לעבען, דערמאָהן איך זיך אויך נור אָן די גאנין זעלטענע טרעפונגען, אָבער ניט אן די געװעהנליכע װעלכע קאָמען אָפט.

קליינע קינדער קענען אפילו ניט געדענקען װאס געסטערן איז געװעזען און זיי װייסען אפילו ניט דעם אונטערשיעד פאָן געסטערן ביז מאָרגען, און װי פיעל מאָל פערגעסט מאן גאר אין פערזאָנען, ואָס מאן האט מיט זיי פיעל יאהרען צוזאַמען געלערענט? דארום איז גאָר ניט אזוי װיכטיג צו געדענקען אונזער עװיגען עקסיסטענץ.

## קאפיטעל 22.

## זעעלענװאנדערונג (גלגול הנפש)

די װירקליכע שװערקייט צו גלויבען אין דעם זעעלענװאנדערונג איז ניט װארום מיר האבען אונזער פערגאנגענהייט פארגעסען, װייל עס איז גאר איין װאונדער, אז מיר װייסען יאָ עטװאס פאן אונזער פערגאַנגענהייט. די אלטע לעהרע פאן (גלגול הנפש) װידערגעבורט, װערט נאך אצינד פאן די בודדאהיסטען אין פאן פיעלע מאָדערנע סעקטען ערהאלטען, בעזאָנדערס פאן די ספּיריטיסטען. דיזע לעהרע האט איינע בעדייטענדע פּראַקטישע װיכטיגקייט, װאס דאָס שטארקט און איבערצייגט די בעקעננער, אזוי װי דאקטאר „דו פרעל“ ערקלעהרט עס אין זיין ספּיריטיזמוס.

פלאַטאָ ערקלעהרט דאס שוין פיר װאהר, ער בעװייזט עס פאן דעם שטודיאום, װאס א טייל שילער לערנען פיעל לייכטער און מיט גרויס אינטערעס: אין א טייל גענענשטענדע לערנען זיי כמעט גאר אוהן א שום שװעריגקייט גאר אוהן אנשטרענגונג, און א טייל שילער האבען שוין גאר פאן אנפאנג א געפיהל, אז זיי בעזיטצען שוין דיזע לעהרע דאס שטארקט אויך די טהעאָריע פאן װידער ער־

אינערונג, און דארום איז דאס בא איינינע שילער אזוי מערקווירדיג ליכט. געווים איז דאס פיר אונז שוועהר צו ערקלעהרען אלעס דייטליך, אויך זעהן מיר קינדער פאן איינע עלטערן אונטער גלייכע אומשטענדען און זענען דאך צו מאל אזוי פערשידען, אבער דאס מוס נור בעלאנגט זיין אין דער זעעלענפראגע, און ווענן א.א גרויסער מאנן ווי פלאטא אנערקענט, אז עס קענן זיין איין ווידערגעבורט, מעגען מיר זיך אויף אים געווים פערלאזען און מיר דארפען זיך ניט שעהמען אין דעם צו גלויבען.

און ווענן מיר האבען שוין יא איינע אונענדליכע פערגאנגענהייט איז דאך שוין דאנן 70, 80, צו אפילו 100 יאהר אויף דיזער ערד, א גאנץ קליינע שפיעל, פיר דער זעעלע, און ווארום זאל איך מיין פערגאנגענהייט בעסער געדענקען פאן מיינע ביכער וואס איך האב געלעהרענט איינגעלוויים ? דעם שיעור גמרא, מיט דעם שארפזיניגען תוספות, וואס איך האב געזאגט פאר מיין רבי, העב איך אצינד, גאר ניט אן צו געדענקען, אבער איין רעכט צו גלויבען, דארט וואו דער פערשטאנד קענן ניט דערלאנגען, האט געווים יעדער, און דערמיט, קען מאן גאר ניט הייכען קיין לייכטזיניגער, און וואס קען דער פערשטאנד זאגען, ווען זשעניען ? די מייסטע אייראפעאישע פילאזאפען, אויסער א קליינע צאהל ווי שאפעאויער דענקען, אז דער זייעניע מוס נור זיין איין דערמאהנונג פאן דער זעעלענפערגאנגענהייט.

„לייבניץ" ערקלעהרט אויך, אז די זעעלען זענען איין סובסטאנץ, און זאגט, אז מאן האט רעכט די אידעע פאן (ריינקארנאציאן) ווידערגעבורט איינצונעהמען, אבער ווארום זאלען די זעעלען ניט זיין מיט איין גלייכען פערשטאנד ? דאס מוס שוין ווידער בלייבען ניט ערקלעהרט.

געווים, זענען די ספיריטיסטען ווייט פאן דער פילאזאפישער וואהרהייט. דאך איז נאך גלייכער דער לעבערליכער פאראורטייל פאן די ספיריטיסטען, פאן דער שטאלצער אונוויסענהייט, פאן די וועלכע לייקנען אב אינגאנצען דאס קינפטיגע לעבען, זאגט „וו. לוטאסלאווסקי" און ער האט רעכט, ווייל צו גלויבען דארט וואו דעם מענשענס פערשטאנד קענן ניט צו קאמען, האט יעדער איין רעכט.

קאפיטעל 23.

## אטאמען און זעעלע.

אבער, ווי מערקווירדיג דאס איז, טרויריגע מענשען האלטען כאן דעם עקסיסטענץ פאן די אטאָמען און נעהמען דאס אן כאט א ווי־סענשאפטליכע וואהרהייט, און דאך האט נאך קיינער די קליינסטע געלעגענהייט ניט געהאט, דיזע ערקלעהרונג און דיזע בערעכנונג כאן דיזער היפאָטעזע צו ערלערנען. און וואס נאך מעהר מערקווירדיג איז, אז דיזע אללע מענשען וואס עס איז בא זיי שריר וקים, אז די אטא־מען זענען דא, גלויבען זיי און זייער אייגענע זעעלע ניט, וואס כאן דער זעעל, קענען זיי דאך פיעל מעהר וויסען, ווי פאן די אטאמען?

זאל דאס מעגליך זיין, אז א קליין שטויב ברעקעלע, אדער איינס פאן זייערע אטאמען, מוס אזוי לאנג פערבלייבען אין דעם וועלטאלל ווי לאנג דער וועלטאלל זעלבסט וועט געדויערען, אונד דאס ערהאבענסטע פאן דעם גאנצען וועלטאלל, וואס מיר קענען, איז די מענשליכע זעעלע, זאל כאן קענען דענקען, אז דיזע זעעלע, וואס זיא איז פעהיג צו דענקען פאן דער עוויגקייט, און פאן גאט, זאל זי נור דויערן איין אויגענבליק? קענען זיי דענן דארויף געבען איינע לאָגישע ערקלעהרונג?

קאפיטעל 24.

## שטאָף און קראַפט.

צוויי זאכען זעהן מיר אין דער שעפפונג, וואס זיי אונטערשיידען זיך איינס פאן דעם אנדערן און דאס איז: דער טייטער „שטאף“ און די גע־וויסע פערבאָרגענע „קראפט“ וואס ער בעלעבט די שטאָפען. די בלומען קאמען ארויס פאן ערד, וואסער, לופט און ליכט, פאן דעסטוועגען, ווערט ניט פאן יעדען שטויבעלע ערד איין בלום, וואס דענן? עס איז פערהאַן איינע געהיימע קראפט וועלעכס עס ווערט א גרעזעל, א זאנג, א בוים און זאָ וואייטער און קיין אנדערע זאך קען שוין פאן דעם ניט ווערען, דיזע פערבארגענע קראפט וואס קיינער איז ניט אימ־שטאנד צו ערקלעהרען, איז די זעעלע פאן די פלאנצען. דורך דיזער ניטגעזעהנע קראַפט, ווערט יעדעס געוועכס צו זיין אַרט, און ווען די פלאנצע ווט רבט אב, קענן דיזע קראפט פאן דער וועלט ניט אב שטאר־בען און פערשווינדען ווערען וואלט עס ניט געוועזען צו דומם זיך אנ־

רעדען, אז דער טויטער שטאף זאל בעשאפען די קראפט? דאס קען געוויס ניט זיין, מוס מאן דאך זאגען, אז די פערבארגענע קראפט איז ערגיץ פערבליבען. אצינד פרעג איך אייך, איז דען דעם מענשענס גייסט ניט פיעל העכער? זאל ער ניט פערבלייבען?

אומזיסט, אומזיסט! ווילט איר לייקענער, זיך זעלבסט בעטריגען, ניין! די זעעלע, קענן ניט פערגעהן! דעם פערשטאנד קען מאן ניט ערמארדען! דיין זעעלע וועט געוויס דויערן, אונד דו לייקנער, וועסט נאך מוזען רעכנונג אב געבען. ווי אמת, אז עס איז פערהאנדען א גאט, אזוי איז אמת, אז דו ביזט אונשטערבליך און דיין זעעלע האט איהר פלאטץ ערגיץ אין די הימלישע וועלטען.

מאן קענן אויך פרעגען, ווי אזוי די זעעלע זעהט אויס? מיט וואס בעשעפטיגט זי זיך דארט? און נאך פערשידענע פראגען. עס איז אבער אומזיסט די מיה, צו וועלען אורטיילען, וועגען איהר צושטאנד, נאך דעם טויט. אונזער פארשען און גריבלען, צו וועלען וויסען וועגען יענע זייט איז צו נארריש. דער שוואכע בעגרעניצטער פערשטאנד פאן דעם מענשען, קען זיך ניט אריין לאזען אין דער טיעפקייט פאן אונענדליכקייט.

קאפיטעל 25.

## האבען טיהרע אויך א זעעלע?

מאן קענן דאך זאגען, ווענן אזוי? האבען דאך טהיערע אויך א זעעלע וואס זי איז אונשטערבליך! קענען דענן די העכערע טהיערע אויך ניט דענקען? מאכען זיי דענן ניט פלעננער און פיהרען זיי אויך אויס? האבען זיי דענן ניט איין כח הזכרון? האבען זיי ניט איין געפיהל פאן ליבע און האסס? פאן אייפערזוכט, פאן פריינדשאפט און פאן טרייהייט? האס עס זענען עהנליך צו דעם מענשען?

יא, אבער זענען מיר דענן אימשטאנד אללעס צו ערקלעהרען, מיט איין אבגעגרעניצטען פערשטאנד? האט דען שלמה המלך דאס זעלבע ניט געקלעהרט (קהלת ג׳ כ״א): מי יודע רוח האדם העולה היא למעלה ורוח הבהמה היורדת היא למטה לארץ. דאס הייסט; ווער קען וויסען צו געהט דעם מענשענס גייסט ארויף און דער טהיערישע גייסט פערבלייבט אונטען אויף דער ערד?

קאפיטעל 26.

# פלאנצענלעבען.

מיר מוזען אבער נאך ווייטער פרעגען: אונד דאס לעבען פאן די פלאנצען פערשטעהן מיר דענן פאלשטענדיג? איז דענן אין די פלאנצען אויך ניט פערהאן אזעלעכס, וואס מיר בעגרייפען ניט? מיר ווייסען, אז די פלאנצען בעשטעהן פאן צעללען, זיי האבען ארגאנע און זעפטע, זיי ענטוויקלען זיך און מאכען איין בייט (חלוף) מיט דער לופט. אבער, אז דער נאטור פארשער זאל קענען ערקלעהרען, ווארום דיזער זאמענקערן מוס ארויס געבען נור אזא בוים, מיט נור אזעלכע בלעטער, מיט נור אזא סארט רינדע און בליהונג? אזא נאטור־פארשער, דארף ערשט געבוירען ווערען. און מיר האבען דאס רעכט צו זאגען, אז די פלאנצען האבען אויך איין אונבעגרייפליכעס לעבענס־וועזען און דאס מוז זיך אויך קענען אבטיילען ווענן די פלאנצען שטארבען.

קאפיטעל 27.

# מאגנעטיזמוס.

אבער זאגט מיר איך בעט אייך, וועלכעס איז דענן יא פאלשטענדיג בעגרייפליך אין דער נאטור? מאן לעגט צו איין וויך שטיק אייזען צו דעם דראטה פאן איין באטעריע ווענן זי ארבייט, ווערט דאס שטיק אייזען מאגנעטיש. נעהמען מיר אוועק דעם דראטה פון דעם אייזען, איז דאס שוין ווידער דאס זעלבע אייזען וואס איז פריער געוועזען. אלזא מיר ווערען איבערצייגט, אז עס איז פערהאן איינע מאגנעטישע קראפט, בעגרייפען מיר צו פערשטעהן מיר דיזע מאגנעטישע קראפט? ניין! מיר קענען אבער ניט דענקען, אז דערמיט וואס מיר האבען דעם דראטה אוועק גענאמען פאן דעם אייזען, האבען מיר שוין די מאגנעטישע קראפט צערשטערט, ניין! די קראפט בלייבט קראפט און לעבט עוויג. נור מיר האבען פאן דיזע קראפט קיין בעגריף ניט, ווייל אונזערע חושים זענען אבגעגרעניצט, אדער עס פעהלט אונז נאך אנדערע חושים.

קאפיטעל 28.

## ליכט און היטץ.

דאס ליכט איז איין וואונדערבארעס וועזען וואס יעדער ווייסט פאן דעם און דאך ווייכט מאן נאך ניט זיין (מהות) וואס דאס איז אזעלעכס און ווי פיעל די נאטור פארשער קעהרען, האט מאן נאך ביז היינט ניט ערקלעהרט וואס דאס איז.

די היטץ, טרעפט מאן מאן אפט צוזאמען מיט דעם ליכט, אונד א צייט לאנג האט מאן גאר געדענקט, אז זיי זענעןביידע איינס. אבער נאך פיעל פראבען, וואס נאטור פארשער האבען געמאכט, האט מאן ערפאהרען, אז זיי זענען צוויי פערשידענע עלעמענטען (יסודות) און כאטש מיר פיהלען די ווארעמקייט, ווייסען מיר דאך ניט וואס אייגענטליך זי איז אזעלעכס. קורץ, מיר געפונען אין יעדען שטאף גייסטיגע קרעפטען, און אלע קענן מאן ניט בעגרייפען, אונד צום סוף וויל זיי גאר קיינער ניט אב־לייקענען, כאטש מיר האבען אין זיי קיין שום בעגריף ניט, נור דעם מענ־שענס נשמה און גאטט, איף דעם געפונען זיך לייקענער, וואס זיי קענען עס ניט ליידען, כאטשע זיי קענען עס מיט קיין פאקט ניט בעווייזען.

ווער נור עס בעטראכט דאס דענקען און דאס וועלען, מוס איבער־צייגט זיין, אז דאס איז א ווירקונג פאן דער זעעלע, אבער קענן מאן די זעעלע בעגרייפען? ניין! אבער די זעעלע בלייבט פאן דעסטוועגען כאטש דער קערפער איז אבגעשטארבען, ווייל איין סובסטאנץ קען דאך ניט פערניכטעט ווערען מוס זי דאך עוויג דויערן, אבער דערמיט איז נאך ניט גענוג.

קאפיטעל 29.

## די אנציהונגס קראפט.

ווען איך העב אויף איין שטיין פאן דער ערד און עפען אויף מיין האנד, פאלט דער שטיין אראפ צו דער ערד. קען מאן בעגרייפען ווארום עס פאלט אראפ? א יא! יוועט געוויס איינער זאגען, דאס ערקלעהרט דאך שוין די נאטור וויסענשאפט, אז דאס איז די ווירקונג פאן דער אנ־ציהונגס־קראפט, וועלעכס עס געפינט זיך אין דער ערד. נו, האבען מיר שוין נאך איין פרישען נאמען וועלעכס עס ווירקט אויף דעם שטיין, אז ער זאל אראפ פאלען. אבער קען מאן די אנציהונגס־קראפט זעהן? קענן מיר

איינער ווייזען, אַז דאָ ליגט דער שטיין און נעבען אים ליגט די אנציהונגס קראַפט. אזוי קענן איינער, קראַפט פאַן שטאָף אָבטיילען? קראַפט און שטאָף זיינען דאָך פאַרט צוויי זאַכען און האָבען דאָך אַ מאָל בעדאַרפט זיין בעזונדער, און דאָס קענן קיינער ניט לייקנען, אַז אַ מאָל האָט זיי איינער געמוזט פעראייניגען, אָבער איין בעגריף פאַן דעם אלעמען האָבען מיר קיינער ניט, אזוי ווי מיר קענען דאָס ניט ערקלעהרען בייַ די מינעראַלען, פלאַנצען און טהיערע, אזוי קען מאַן אויך בייַ דעם מענשען זיין בעלעבענדע קראַפט ניט ערקלעהרען.

קאַפּיטעל 30.

# דער שטאָף.

איר מיינט אודאי, אַז מיר האָבען שוין אלעס אויסגערעכענט וואָס מענשען קענען ניט בעגרייפען? ניין, ניין! עס איז נאָך גענוג אונבעגרייפליכעס פערהאַנדען! ניט בלויז די קראַפט קענען מיר ניט בעגרייפען, נור טאַקע דעם שטאָף קענען מיר אויך ניט בעגרייפען! ווער קענן אונז ערקלעהרען פאַן וואַנען קאָמט דיזער שטיין וואָס ער ליגט איבעראַלל אויף דער ערד? געוויס, וועט איר זאָגען: דאָס איז דאָך אַ טייל פאַן דער ערד, נו, און די ערד? זי איז אַ טייל פאַן דעם זאָננענסיסטעם, וואָס אַמאָל, אַמאָל, איז זי פאַן דער זאָנע פערשליידערט געוואָרען. נו, און דער גאַנצע זאָננענסיסטעם? איז אַ טייל פאַן דעם אוניווערזום, און פאַן וואַנען האָט זיך דער יוניווערזום גענאָמען? שוין! עס האָט זיך שוין אויסגעלאָזט אלע תּרוצים! אָבער בלייבען, בלייבט דאָך, אַז מיר בעגרייפען גאָר ניט.

אָבער ניט נור די לייקענער ווייסען דאָס ניט, וואָס די גרעסטע טייל פאַן זיי זיינען ברעמד אין וויסענשאַפט, נור פריווט פרעגט דעם נאַטור פאָרשער זעלבסט, וואָס איז אזעלעכס שטאָף? צו וועט ער ניט בלאָס הערען פאַן שאַנדע אין גאָר ניט וויסען וואָס צו ענפערן! סיידען ער זאָל אויסרופען אזוי ווי פּרעה האָט אַמאָל געזאָגט: אצבע אלוהים הוא! דאָס איז אַ וואונדער פאַן גאָט! און טאַקע נור דאָס איינציגע, וואָס מיר גלויביגע זאָגען: אַז דער אללמעכטיגער גאָט, איז די אורזאַכע פאַן אלעמען און נור פאַר אים איז אָפען אללע פערבאָרגענישען.

אַלזאָ, מעהרער, לאָזט זיך שוין ניט ערקלעהרען פאַן אונזער בעגרעניצטען פערשטאַנד. עס איז גאַנץ גענוג ערקלעהרט: אַז עס מוז פערהאַנדען זיין איין איינציגער אונבעגרייפליכער, און, אַז עס איז פערהאַן

איין יענע זייט פאן אונשטערבליכקייט, און אויף ווייטערע אורזאכען קענען מעהר קיין בעווייז ניט זיין. דער אונטערשייד בלייבט נור, אז דער לייקענער (כופר) געפינט אין יעדע זאך, דאס עוויגע אונערקלעהרבארע, קאכט דארום אויס, אז די כופרים גלויבען אין אזהן איין שיעור געטטער, אז אפילו א שטיין און שטאף האט זיך זעלבסט בעשאפען, און די גלויביגע גלויבען נור אין איין איינציגען עוויגען, וואס ער איז אונטיילבאר, אונערקלערהבאר און ער איז די ערשטע אורזאכע פאן אללעמען און מיר בעצייכענען איהם מיט דעם נאמען „גאטט.“

קאפיטעל 31.

## זעלבסט בעוואוסטזיין.

וואס הייסט זעלבסט בעוואוסטזיין? אז איך בין אליין בעוואוסט, און וואס וויים איך דערמיט? איך וויים, אז דער זעלבע קערפער בעלאנגט צו מיר. פאן וואנען וויים איך דאס? איך פיהל עס, ווענן איך בעריהר מיך איין דאפעלטען געפיהל, ערשטענס, פיהל איך אין מיינע שפיטץ פינגער און פיהל אויך אין דעם ארט וואס איך האב בעריהרט מיט מיט מיינע פינגער. ווענן איך בעריהר אבער א פרעמדען קערפער, פיהלען שוין נור מיינע פינגער, אבער די אנדערע זאך ניט, און ווענן אפילו די אנדערע זאך פיהלט אויך, ווייס איך אבער שוין ניט פאן יענעם פיהלען, ווייל יענער קערפער בעלאנגט שוין ניט צו מיין „איך.“

איך קענן אויך צווינגען איינס אדער מעהר פאן מיינע גליעדער, אז זיי זאלען זיך בעוועגען, אזוי ווי איך וויל, און דאס אלעס, פיהלט אין מיר מיין „איך“. מיין הארץ, האט נאך קיין מאל ניט גערוהט, עס האלט שטענדיג אין איין קלאפען. מיינע לונגען, האבען נאך ניט אויפגעהערט צו אטמען, און ווענן איך זעה מיין לייב ווייס איך, אז איך בין דער זעלבע פערזאן, וואס פריער מיט פיעל יאהרען.

וועגען דעם זעלבסט בעוואוסטען „איך“ איז א לאנגע צייט צווישען די פילאזאפען, טהעאלאגען און דענקער, געוועזען איין מיינונג, אז די זעעלע אדער דער גייסט איז איין סובסטאנץ, און א סובסטאנץ איז געראדע דער הפך פאן מאטעריע און קערפער, ווייל די זעעלע איז (אימאטעריאל) ניט קיין קערפערליכעס און קענן ניט ווערען פערענדערט און ניט פערניכטעט, דארום איז זי אונשטערבליך. היינטיגע צייט איז מאן שוין מיט דעם מיינונג, אז קיין מענש קענן וועגען דעם זעעלענסובסטאנץ

קיין שום ערקלערונג ניט געבען, אין זי איז ניט דורכאויס איינבאך אין עס איז גאר ניט צו פערשטעהן, ווי אזוי דער קערפער זאל קענען ווירקען אויף דער זעעלע? ווייל, ווענן דער קערפער ווערט קראנק, ווערט אויך די זעעלע קראנק, און ווידער, ווי אזוי די זעעלע זאל קענען דעם קערפער מאכען פיהלען און בעוועגען?

קאפיטעל 32.

# אונשטערבליכקייט און גלויבען.

דער ענין פאן זיטליכעס לעבען, איז געוויס א וויכטיגער געגענשטאנד און קיין זאך בעריהרט ניט אזוי די סטרינגע כאן דעם מענשליכען געמיטה אזוי ווי די אונשטערבליכקייט, ניט נור אין די מייסטע פרייגעזאָנענע, ליגט נאך בעהאלטען אין א ווינקעל פאן זייער הארץ די אידעע פאן אונשטערבליכקייט. נור די גאנצע בעשטימונג פאן דעם מענשען, דער גאנצער ציעל פון די זיטליכקייט, ווערט גאָר אנדעריש ווענן אונזער ריכטיגער ציעל איז צו דעם פאָרטדויערן נאך דעם טויט. אז ערשט אין יענער זייט קבר ווינקט צו אונז די וואהרע היים, און אז דארט איז ערשט אונזער פאָלקאמענהייט און דאס גרעסטע אונבעגרייפליכע גליק! פיעל מעהר ווי אונזער פערשטאנד קען בעגרייפען. אונד ביי איין זא סאָרט גלויבען, האט שוין אונזער איצטיגעס לעבען ניט מעהר אזא גרויסע ווערטה.

און ווייל דאס ערדישע לעבען איז דאך איין יאמערטהאל אין פערגלייך צו דעם דארטיגען, קען מאן שוין אין דיזען ערדייטען לעבען דאך מעהר דולדען, אין אלעס לייכטער איבערטראגען וואס עס טרעפט אונז, ווייל דער טייערער פאן דער עוויגקייט קענן זיך שוין מארגען עפנען און דאנן, האבען שוין אלע אונפאלקאמענהייטען פאן דעם ערדישען לעבען אויפגעהערט, און אלעס וואס עס האט אונז גענארט בלייבט שטילל, און עס איז ליבער, פאן דיזער וועלט זיך צו ענטזאגען, ווי צו ווערען פערפלאָנטערט אין זינד אונד אין ליידענשאפטען.

און ווענן דער וואהרער גלויבען וויל אונז בויען א בריק צו דעם וועג פאן יענע זייט קבר צו קענען קאמען. אונד זאָלאנג דו טהוסט מיט דיזען גלויבען קיין שום מענשען ניט וועה, קענסטו דאנן גלויבען וואס די ווילסט, וועט זיך דער פערשטאנד דיר אונטערוואָרפען; און וועט שווייגען;

אונד דו קענסט זיך פאן אלע דיינע ערדישע זארגען אויסלאכען, צוליב דעם עוויגען זעליגקייט. שטעל דיר אבער פאר, ווי אזוי איז יענעם, וואס פאר אים איז גאר קיין יענע זייט קבר ניט פערהאן! און דאס איינציגע איז בא אים נור דאס ערדישע לעבען אליין! און מיט זיין טויט פליהט אוועק, זיין דענקען, זיין וועלען, זיין צייט, זיין ליבע, זיינע קינדער, זיינע פריינד און די גאנצע מענשהייט! און קיין זאך בעלאנגט שוין צו אים מעהר ניט.—קאמט אים ניט פאר א קלעהר צו טהון: וואס האב איך עס ביז אהער אזוי געליטען? צו וואס האב איך איבער געטראגען און געדולדעט?—אבער בערפאללען! קיין טרייכט איז שוין צו אים מעהר ניטא! און אלע הימלישע פלעננער זענען כאר אים פערניבטעט. דאנן, איז שוין איין ענדע פאן אללעמען.—נישטא קיין צוועק, נישטא קיין ציעל פיר אים! ער דאט שוין מעהר ניט אויף וואס צו ווארטען און אויף וואס צו האפען!

קאפיטעל 33.

## וואס איז דארוויניזמוס?

איינער „טשארל דארווין" איין נאטור פארשער, האט אויסגעפונען איינע טהעאריע, אז דאס לעבען איז נור איין קאמפף אום דאס דאזיין. דאס פיהרט אללעס אונד די יעניגע אטאמען וועלכע זענען פאן נאטור שטארקער און פעהיגער אלע שווערינקייטען איבער צו טראגען. קאמען זיי אריין אין דעם לעבען און די שוואכערע אטאמען געהן צו גרונד.

אבער ווארום האלטען די לייקנער אזוי פעסט פאן דארווינס טהעאריע? ווייל די געגנער פאן גלויבען ווייסען, אז איין פאקט אב צו לייקענען די גאטהייט, קענען זיי ניט געפינען און ווענן זיי זענען געקאמען איבער איין אידעע פאן זעלבסט בעשאפונג, איז דאס בא זיי געוויס א וואזשנע מציאה! האבען זיי זיך דארום אין דעם אנגעכאפט ווי אין איין רעכטען אוצר! און ביי די נאכשטיפער פאן די זאגענאנטע מאדערנע פריידענקער, איז דאס געווארען איין סארט מאדע, שטאטש א קליינינגקייט, גאר איין זעלבסטשעפפונג איז פערהאן! איז דאך שוין געוויס נאך דיזער אידעע קיין גאט ניטא.

קאפיטעל 34.

## דארווין און די גאטהייט.

ווענן דיזע טהעאריע זאל שוין אפילו זיין ריכטיג, קען אויך פאן דעם ניט בעוויזען ווערען, אז עס זאל זיך אלעס טהון אוהן א גאט און גאר די ענטוויקלונג זאל אויסגעפיהרט ווערען פון זיך אליין. א געזונדער קאפף מיט א געראדען פערשטאנד, קענן דאס ניט זאגען און דארווין זעלבסט האט גאר קיין מאל ניט די גאטהייט אבגעלייקענט און דאס איז אין זיין טהעאריע קיין מאל ניט דערמאנט. דאס האבען שוין געטהון זיינע תלמידים.

קאפיטעל 35.

## וואו איז די קייט פאן די היינטיגע טהיערע ביז די אורטיהערע?

דארווין בעוויזט, אז עס איז פערהאן א גאנצע קייט, ווי אזו די אלע טהירע ענטוויקלען זיך שטופענוויים איינס פאן דעם אנדערן. אבער במחילת כבודו, האט ער זיך גאר פארגעסען, אז עס האט עקסיסטירט אורטהיערע, ווי זשע איז ערגיץ אהינגעקומען די גאנצע קייט ביז צו די אורטהיערע? און פאן די אורטהיערע ביז צו די היינטיגע? ווארום געפינט מאן ניט קיינע (פאסיליען) פערשטיינערטע און אויסגעגראבענע אין דער שוים פאן דער ערד פאן די טהיערע וואס האט בעדארפט זיין נאך די אורטהיערע א גאנצע קייט? ווארום פאן די אויסגעשטארבענע אורטהיערע געפינט מאן מאסכען אין דער שוים פאן דער ערד פערשטיינערטע און איינגעפרוירענע, און פאן דער גאנצע קייט וואס האט בעדארפט צו זיין נאך זיי, געפינט מאן גאר ניט? אין קיין נסים גלויבען דאך ניט די דארוויניכטען. איז עס מעגליך, אז פון די אורטהיער זאל פערבלייבען אזוי פיעל און פאן די שפעטערע זאל גאר ניט פערבלייבען?

דער אמת איז אבער, ווי אזוי זאל מאן געפונען, דאס וואס האט גאר קיין מאל ניט עקסיסטירט? אונד די אורטהיערע זעלבסט זענען שוין ווי עס ווייזט אויס בעשאפען געווארען פיקס און פערטיג גאר אוהן איין קייט?

קאפיטעל 35.

## דארוויניזמוס איז בלויז איין היפאטעזע השערה.

דער גאנצע דארוויניזמוס איז אבער נור איינע היפאָטעזע איינע השערה. און זיין גאנצע געביידע מוז אומגעוואָרפען ווערען, ווייל עס איז דארויף ווענינ בעווייזע פערהאנדען. נאך דארווינס היפאטעזע זענען די פאָססיליען אלט הונדערטע טויזענדע יאהר, ביז צו איין מיליאן יאהר, און זיין תלמיד „העקעל" זאגט אין זיין „וועלט רעטזעל" זייטע 442, אז די טהיערישע וועלט, לעבט שוין, צעהן מיליאן יאהר און היינט געה געפין אויס, בא ווענען דער אמת איז. אדער ווענן דו גלויבסט זיי ביידע ניט, נעה זיי מוחל און מעסט עס איבער, קענן דאס א מענש בעווייזען?

פאן דעסטוועגען, זאגט דער בעריהמטער נאטור פאָרשער „הוקסליי" דארווינס בעסטער פריינד, אין זיין בוך „אמעריקאן אדרעס" מיט דיזע ווערטער: ווענן איך האב שוין דורך געוואנדערט, די ביל־דונגען פאן דער „טערטיאר צייט" (אזוי רופען אן די געאָלאָגען א געוויסע צייט, פאר דער ערד אויסבילדונג. נאך פאר די קריידע צייט. און דאנן האבען די ריעזיגע אורטהיערע עקסיסטירט וועלכע זענען שוין אללע אויסגעשטארבען) און מיר האבען געפינען פיעלע מינים טהיערע, וועלכע זענען (אידענטיש) גלייכמעסיג צו די איצטיגע לע־בעדיגע טהיערע, איז דאך שוין דאס א גוטער בעווייז, אז דארווינס היפאָטעזע פאן די שטופענווייסע ענטוויקלונג, איז ניט ריכטיג, און דאס איז דאך גאר א פאקט, אז עס דארף גאר קיין קייט ניט זיין און דארום, געפינט מאן טאקע ניט קיינע צווישענטהיערע.

קאפיטעל 37.

## צו שטאמען מענשען פון אַפפען.

אין קיין זאך האבען זיך די גאטעס לייקנער ניט אזוי אנגע־געבאפט, און האלטען זיך אין דעם פעסט, ווי אין דער היפאָטעזע אז מענשען שטאמען פאן אפפען: עס איז אבער א כראגע, די אפפען זענען דאך נאך אלע פערהאנדען, ווי קאָמט עס, אז עס זאל אמאל ניט געוועזן זיין ווידער אז געלונגענע צייט, אז אין אַפפע זאל ווידער

געבוירען איין מענשען? וועט איר אפשר וועלען זאגען: אז מענשען זענען ניט דירעקט פאן אפפען געבוירען געוואָרען, נור זיי האבען זיך ענטוויקעלט שטופענווייס, וואלט דאך בעדארפט זיין די אללע צעווישענטהיערע? ביז אין דעם מין, וואס ער זאל זיך כאטש נעהנ־טער פאַסען צום מענשען מיט זיינע געהירן, מיט זיין נאקעטע אונ־בעהאַרטע ווייסע הויט, אדער זיי זאלען כאטשע זיין עהנליך צו דער נידריגע נינער ראססע, כאטש צו זייער לייב קאָליר? קען דענן מעג־ליך זיין, אז אזא לאנגע קייט פאן ענטוויקלונג, זאלען אללע האבען אויסגעשטארבען? און וואָרום זענען די אַפפען זעלבסט ניט אויס־געשטארבען, וואס כאן זיי איז די גאנצע קייט ארויס געקאמען?

קאפיטעל 38.

# וואס דר. ,,הארטוויג'' זאגט ועגען אפפען און מענשען.

דער בעריהמטער נאטור פאָרשער דאקטאר „הארטוויג״ זאגט: די אפפען האבען טאקע אביסעל עהנליכקייט מיט דעם מענשען אין די פעדערשטע גליעדער. ווענן מאן בעטראכט אבער ריכטיג דעם איננערן בויאונג, דערקענט מאן שוין א גרויסען אונטערשיעד, צווי־שען זייביידע: די זייטליכע בעוועגונג פאן זיין פארדער ארעם און איהר דרעהונג פאן דעם עלענבויגען, איז באם אפפע גאנץ אנדערש ווי ביי דעם מענשען, די מענשליכע האנד איז אויך גאר אנדערש, זיין גראָבער פינגער איז פיעל קורצער. דער מענש קען זיינע פינגער מעהר בייגען און מעהר אויסשטרעקען, ווייל דעם מענשענס האנד האט דערצו מעהר מוסקלען, און איז איננאנצען גאר אנדערש. צום קלעטטערן איז די האנד פאן דעם אפפע זעהר א גוט ווערקצייג, זי איז אבער ניט אימשטאנד צו טהון דיעזע אַרטען ארבייט וואס דער מענש טהוט מיט זיין האנד (ווען דער אפפע זאל אפילו זיין מעהר ענטוויקעלט, מעהר אינטיליגענט.) באַ דעם מענשען איז אבער אויך פערהאן מעהר מוסקלען, זיין האנד געלענקע צו בעוועגען: די האנד פאן דעם אפפע, איז פיעל לענגער און דארום וואלט ער ניט געקענט בענוטצען די אינסטרומענטען אזוי ווי דער מענש בענוטצט זע.

די מענשליכע נאקעטע הויט, מוס געשטיצט ווערען פאן זאָננענשטראהלען, פאן ווינטען און קעלטען. אבער זיין קינסטליכע

האנד פערשאפט אים אללעס וואס אים פעהלט. ער שפיננט און וועבט שטאָף פיר קליידער. דעם מענשענס שוואכע ארעם איז ניט אימשטאנד צו קעמפפען מיט טהיערע. זי קען אבער שיקען א זי־כערע פפייל אָדער א קוגעל. דער מענש, קען ניט שווימען פאָל־קאָמען און דאך בעהערשט ער אללע פיש און טהיערע פאן דעם ים.

דער בעקען פאן דעם שאמפאנזע אָדער אָראנגאוטאנג, איז זעהר פערשידען פאן דעם מענשען, אונד וואס „בופפאן" בעהויפטעט אז דער אפפע נעהט געראדע, אפילו ווען ער טראגט אויף זיך א שווערע לאסט, איז אויך א טעות, ווייל זיינע היפטביינער זענען פיעל לענגער ווי באַ דעם מענשען און זיינע הענד זענען אנדערש געבויגען און די בעשאפענהייט פאן זיין בעקען (קטלית) וויזט ריכטיג, אז ער איז בעשאפען, צו געהן אויף אלע פיער.

די פיס פאן דעם אפפע אונטערשיידעט זיך פאן דעם מענשען, ווייל דער אפפע געהט נור אויף דעם אונטערשטען טייל פאן זיין פוס, און דער פאָדערטייל איז שוין באַ אים געשאפען, צום קלעטערן. און דארום זענען זיי מיט לאנגע פינגער. אבער צום געהן אויף זיי, נוצט ער זיי ניט. זיינע שענקעל, זענען אזוי טיעף. אז שטענדיג מוס ער געהן געבויגען און איז פעלליג אונפעהיג צו געהן גלייך ווי א מענש.

די מוסקלען באן זיין שענקעל, זענען זעהר פערשידען, זיינע (איינגעוויידע) קישקעס, ווערען איבערהויפט געטראגען פאן דעם בויכוואנד. די שולטעד מוסקלען, זענען באַ די אפפען, ניט אזוי ווי באַ דעם מענשען, ווייל דער מענש דארף זיי ניט באַ זיין אויפרעכט געהן. די נאקענמוסקלען זענען העכער פאן דעם שעדעל און דאס וויזט אויך, אז ער איז איין פיער פיסיגעס טהיער.

אויך דער גאנצער מוסקעל אפפאראט פאן זיין געזיכט איז פער־שידען ווי באַ דעם מענשען. דער אפע האט מוסקלען אום צו פלעטשערן מיט זיינע צעהן און דארום, מאכט ער אזעלכע פער־שידענע גראמאסען, אבער קיינע עדעלע געפיהלע, שפיגלען זיך ניט אב, באַ קיין שום בריאה, נור אין דעם מענשעס געזיכט.

אבער נאך מעהרער אונטערשיידעט זיך דער מענש, מיט זיין גייסט! אפילו די אינטעליגענטעסטע טהיערע, שטעהן פיעל נידריגער פאן דעם מענשען: נור דער מענש אליין שטרעבט נאך העכערע ציעלע. נור דער מענש אליין, טראגט אין זיך איין "געוויססען„. נור דער מענש אליין, בעזיצט אנגעבוירענע מאראלישע געזעטצע. נור דער מענש אליין, פערשטעהט צו מעסטען די צייט. נור דער מענש אליין, קניפט אן איין וואהרהייט מיט דער אנדערע. נור דער מענש אליין, ערקענט דעם גייסט, וואס ער וואהנט אין אים. נור ער אליין בעזיצט איין בעוואוסטזיין, אז נאך דיזען לעבען, איז פערהאנדען איין אנדער לעבען.

אונד צו וואס איז דען דעם מענשען געגעבען געווארען דיזע אללע פעהיגקייטען? געוויס, ניט אום צו פערבלייבען איין טהיער. נור ער זאל זיך פערפאלקאמענען און זאל שטרעבען צו בעסערן. צו עדלערע אידעאלען, ווי. גאט, טוגענד, פאטערלאנד, מענשהייט, צו זיין הילפרייך, גערעכט און גוטעס טהון. אום עהנליך צו זיין צו גאט. או, זאל בעזיטצען עהרפורכט און ליבע צו גאט, אין דעם אינערן פאן זיין הערץ.

קאפיטעל 39.

## אפען און מענשען.

אבער דיווירקליכע רעכטע מענשליכע שטופע, ליגט אין דער שפראכע, אין דעם פערשטאנד אונד אין די זיטטליכקייט. געפינט מאן כאטש א קליינע טייל פאן דיזע מענשליכע אנלאגען אין די אפפען? און ווענן די צווישענקייט איז יא איננאנצען פערשווינדען געווארען און עס איז נור איבער געבליבען מענשען און אפפען און קיין געלונגענע צייט איז אויך ניט געוועזען, אז פאן אפפען זאל ארויס קומען א מענש, זאל מאן כאטש קענען מיט די אפען דורך רעדען וועגען עטוואס איין גענענשטאנד! אדער זאל כאטש קענען איין אפפע איין שפראך זיך אויסלערנען! און ווענן אזעלכע אפפען זאל זיך נור אויף דעם ערד קוגעל געפונען, וואלטען שוין לאנג די געאלאגען זע אויסגעפינען, אום צו קענען פאקטיש בעווייזען, אז עס איז פערהאן צווישענגליעדער. נור אזוי ווי עס איז אונמעגליך צו דענקען, אז אלעס איז פערשווינדען געווארען, אזוי איז אויך אונמעגליך זיך

צו לאזען אנרעדען, אז עס איז עטוואס פעהאן איין שייכות צווי־שען מענש און אפפע.

קאפיטעל 40.

## דער הימעלווייטער אונטערשיד פאן מענש ביז אפע.

קיין מאל האט מאן נאך ניט געפינען איין אפע מיט א ווייכע מענשליכע הויט, ניט אין די הייכע און ניט אין די קאלטע לענדער. אויסער דעם איז נאך איין הימעלווייטער אונטערשיד, אז קיין אפע בעזיצט ניט די פעהיגקייט, צו קענען ווערען גייסטיג קולטעווירט, צו זיין געזיטעט און געבילדעט. קיין מאל האט מאן נאך ניט בעמערקט, אז אפפען זאלען האבען איין געפיהל פאן בישה, זע זאלען זיך שעהמען און פערדעקען זייערע געשלעכטס טיילע. אדער זאלען אנ־פיהרען איין ארט עלעמענטאר שולע. מאן האט נאך קיין מאל ניט געזעהן, אז יונגערע אפען זאלען מעהר ענטוויקעלט זיין פאן זייערע עלטערן? האט מאן נאך א מאל געזעהן, אז אפפען זאלען פערלאַ־זען זייערע וועלדער און זאלען זיך בויען הייזער? אדער זאכען פיהרען איין אקערבויעשעס לעבען. צו זע זאלען צווינגען אנדערע טהיערע, זע צו בעדיענען? אדער זאלען פיהרען איין שטאאט און בעשטראפען פיר שלעכטס און בעלאהנען פאר גוטס? זענען זיי דענן ניט די זעל־בע אפפען וואס זיי זענען געוועזען צוריק מיט טויזענדע יאהר? אונד ווי האבען עס דארווינס אפפען גענומען דיזען קיים פאן אלע מענש־ליכע אנלאגען, אז זע זאלען דאס קענען אין די מענשען איבערגעג־בען? קען מאן זיך אנרעדען, אז אין די מענשען האבען זיי אריין געגע־בען דיזען קיים און אין זייערע אפענקינדער ניט? און ווי אזוי קען מאן געבען דאס וואס מאן האט ניט? אונד אוהן איין קיים, קענן פאן זיך זעלבסט גאר ניט ווערען.

קאפיטעל 41.

## ווילדע און געזיטעטע מענשען.

ווען מאן נעהמט אבער אן, אזוי ווי אונזער תורה זאגט: אז גאט האט בעשאפען דעם מענשען אין זיין גלייכען (בדמותו כצלמו) מיט דעם עבענבילד פאן גאט. זעהט מאן טאקע, ווי דער מענש

שטעהט העכער פאן אלע בריאים. אונד דאס וואס עס איז פערהאז ווילדע פעלקער? ערשטענס קען מאן צווישען זיי זעלבסט אויך גע־פינען שפורען פאן פארטשריט: דער געפיהל פאן בישה, פאנגט זיך בא זיי אן צו ענטוויקלען אונד ווען מאן נעהמט א קינד פאן די נאטור פעלקער, קען מאן דאס קינד אין א געוויסען גראד דאך אויסבילדען. דערפאן קען מאן שליסען, איינס פאן די זע ביידע: ענט־ווערער, פאן די ווילדע פעלקער האבען זיך ענטוויקעלט די קולטור פעלקער. אדער דורך געשלעכטליכע הפקרות און פערדארבענע זיט־טען זענען זע צוריק געטריטען און זענען פערווילדעט געווארען.

קאפיטעל 42.

# ע ר ב ו נ ג.

עס איז געוויס ניט לאניש צו זאגען, אז מאן זאל קענען פער־ערבען אזא זאך וואס מאן האט עס זעלבסט ניט. פיעל לאנגישער איז צו זאגען, אז איין פערערבטע זאך זאל ווערען אבגעשוואכט, דורך דעם, וואס מאן ניצט עס ניט א לאנגע צייט. אבער מאן זאל זיך אנרעדען, אז איין גאנץ נייער געגענשטאנד זאל ווערען, דורך נוטצען. דאס קענן קיין מאל ניט זיין! צום ביישפיעל, דיא ברוסט פאן א פרוי קען ווערען בעסער ענטוויקעלט, דורך דעם זויגען פאן א קינד. אבער עס זאל ווערען פאן דאס ניי א ברוסט, פאן דעם קינדס זויגען, כאטשע עס איז פריער אויף דעם ארט גאר קיין סמן פאן קיין ברוסט ניט געוועזען, דאס קען אויף קיין פאלל ניט זיין, ווייל פערערבען קען מאן נור דאס, וואס עס איז שוין געוועזען.

דארום זענען פיעל בעווייזע פאן „העקעל“ אוהן איין טעם. איך וועל ברענגען בלויז איין ביישפיעל: ווי בעקאנט זענען פערהאן צוויי סארטען אפפען: געשוואנצטע און ניט קיין געשוואנצטע, אלזא די גאנץ ערשטע אפפען האבען בעדארפט זיין איינס פאן די ביידע אדער דיע וועלכע זענען מיט איין „עק“ אדער דיע וועלכע זענען אוהן איין „עק“ ווייל ביידע האט דאך ניט געקענט זיין אין איין מין. זאל מאן זאגען, אז די ערשטע זענען געוועזען אוהן איין „עק“ און פאן זע זענען ארויס געקאממען אפפען מיט איין „עק“ קאמט אויס נאך דער לעהרע פאן „העקעל“ אז דער „עק“ האט געקעמפפט

כּיר זיין דאזיין נאך עהדער עס איז געוועזן און דאס קען נאך דער לאניק ניט מעגליך זיין. זאל מאן זאגען, אז פאן אנפאנג זענען גע־וועזען מיט איין „עק" און פאן זע זענען ארויס געקאמען די אפפען אוהן איין „עק" ווייל זע זענען דאך עטוואס נעהנטער צו דעם מענשען און נאך דארווין האבען די מענשען בעדארפט ארויסקאמען פאן אפפען. איז דאך א פראגע: וואס האט אזעלעכס געצווינגען די אפפען, אז זע זאלען זיך אב זאגען פאן זייער עק, בא זיי איז דאך דאס א זעהר ניטצליך גליעד? זאל מאן זאגען, אז איין אפפע האט א מאל געהאט דאס אונגליק, צו פערלירען זיין „עק" זאל שוין דורך דעם פאן אזא אפפע געבוירען ווערען קינדער אוהן איין „עק"? מיר וויסען פאן פיעלע פאקטען, אז דיע וועלכע זיי האבען נעהאט דאס אונגליק, צו פערלירען איין האנד, א פוס, איין אויג און דאס גלייכען, האבען זיי פאן דעסטוועגען דערנאך געבוירען קינדער מיט הענד, מיט פיס און מיט אויגען, ווייל די ערבונג גיבט שוין איבער דעם קיים און בעשאפפט עס.

קאפיטעל 43.

## די „העקעלישע" זיננענלעהרע.

אונד די לעהרע פאן „ערענסט העקעל" וועגען די זיננע (חושים) איז דענן ניט לעכערליך? „העקעל" זאגט: אז דאס אויג פאן דעם מענשען און פאן די טהיערע איז געווארען אויף אופן: צום גאנץ ערשטען זענען אלע טהיערע געוועזן אבסאלוט בלינד פיעל מיליאנען יאהרען (?) נור די זאננענשטראהלען האבען זעהר לאנג געווירקט אויף דער הויט, אויף דעם ארט וואו די אויגען זענען, האט זיך דורך דעם אלע מאל מעהר און מעהר אויסגעבילדעט צוויי אויגען איינס נעבען אנדערן. איז אבער די פראגע: די זאננענשטראהלען האבען דאך געווירקט אויף דעם גאנצען קערפער, האט דאך דער גאנצער קערפער בעדארפט זיין פול מיט אויגען? וואס איז נאך גערעדע געווארען צוויי אויגען פונקט אויף דיזען ארט? און אזוי זאגט „העקעל" האט דער קלאנג געווירקט עס זאל זיין צוויי אויערן, און אזוי ווי דאס איז יעדען בעקאנט, אז די אויגען מיט די אויערן זענען מיט גרויס קונסט געמאכט און מיט א טיעפע וויסענשאפט,

קומט דאך אויס נאך „העקל'ען", אז די זאננענשטראהלען און דער קלאנג, זענען גרויסע קינסטלער און חכמים! אבער ביי די פריידענ־קער איז לייכט, פאן יעדען דומהייט א חכמה צו מאכען, אבי נור צו לייקענען אין גאט.

קאפיטעל 44

## די אטאמען.

וואס זאגט אבער דער גרויסער פילאזאף „קאנט" אין זיין קריטיק? ער זאגט אזוי: אז קיין מענשליכער פערשטאנד, איז ניט אימשטאנד צו בעווייזען, אפילו ווי אזוי א גרעזעלע וואקסט. ווידער זאגט „העקעל" אז דער סובסטאנץ, דער שטאף און דער עטהער זענען ניט קיינע טויטע ווענען און זיי בעזיטצען עמפפינדונג פאן לוסט, אונלוסט און ווילען, ווענען דיעזער טהעאריע, קען מאן אבער פרעגען: ערשטענס, פאן וואנען ווייסט ער דאס אלעס? קען ער דענן ווענען זיינע בעהויפטונגען זיך בערופען אויף ערפאהרונגען? און פאן וואנען ווייסט ער אויך, אז די אטאמען, וואס מיר זענען פאן זע געבויעט, אז זע פיהלען שמערץ און לוסט?

צווייטענס, ווארום זאלען עס די אטאמען ליידען? נאך זיין סיסטעם, זענען דאך די אטאמען די גאנצע פיהרער און זע זענען די הערן אין דעם וועלט רוים, וואס און ווער קען זע צווינגען, אז זע זאלען מוזען קעמפפען? דריטענס, זאגט „העקעל" אז די עמפפינדונג און ווילען פאן די אטאמען, זענען אונבעוואוסט און פאן דעסטוועגען טרעפען זע יעדער, צו איין ציעל און האבען אין זיך די איינענשאפט, צו בילדען אללערליי קערפער, ווי זשע קען דאס מעגליך זיין, צו זיין אונבעוואוסט און דאך בויען, מיט אזא קלוגע ארדענונג? ניט האבען קיין ווילען און דאך דעם ציעל ניט פערפעהלען? איז ער זיך דענן זעלבסט ניט דערווידער? (סותר) איז דאס ניט איינע (אבסורדע) נאררישע לעהרע?

פיערטענס, ווען די אטאמען זאלען ווירקליך קענען אלעס דורך פיהרען, וואס „העקעל" זאגט ווענען זיי. מוזען זע דאך בעזיטצען אזעלכע איינענשאפטען, וואס עס איז גאר אונמעגליך צו גלויבען, ווייל צו דעם, מוס מאן שוין האבען חושים און מאן מוס אויך זיין העכסט פער־

שטאנדיג און אטאמען קענען דאך מעהר קיין טיילען אין זיך ניט האבען.

אט צום ביישפיעל, וואס די אטאמען וואלטען אין זיך בע־דארפט האבען פיר פעהיגקייטען: 1) זיי מוזען זיך קענען פאר־שטעלען, דעם ציעל, צו וועלכען זיי שטרעבען, ווייל אוהן איין פאר־שטעלונג, קענן קיין ציעל ניט מעגליך זיין. 2) זיי מוזען אויך צווישען זיך זיין פעראייניגט, אום זאלען זיך קענען צוזאממען דורכרעדען. ווענן ניט, ווי אזוי קענן זיין ארדענונג אין איין גאנצען? 3) ביי אזא פיהרונג קענן אויך ניט מעגליך זיין, אז די אטאמען זאלען ניט וויסען איינס פאן דעם אנדערנס ווילען. אויך מוס יעדער אטאם זיך קענען פארשטעלען דעם וואונש פאן אללע און צו יעדען איינעם מודיע זיין, זיין אייגענעם וואונש, און ווער פערשטעהט עס ניט, אז דאס איז אונ־מעגליך פיר איין אטאם! אבער איז דענן די (היפאטעזע) השערה פאן די אטאמען ניט פיעל שווערער פאן דער אייגענע זעעלע צו ערקענען? און דאך איז מאן תּא די אטאמען אזוי לייכטזיניג און כמעט יעדער נעהמט עס אן

איך גלויב, אז מיט אונזער קריטיק געגען דארווין, זענען מיר שוין פערטיג, ווייל זיינע בעהויפטונגען, זענען נארריש אונד קיין (אטהע־איזמוס) גאט־אבלייקנונג קענן דערפאן אויך ניט בעוויזען ווערען, ווייל די אטאמען קענען ניט זיין קיינע וועלט רעגירער. עס איז נור א וואונדער, ווי אזוי כאפען זיך אן מענשען צו גלויבען אין דעם דארוויניזמוס? דאס איז נור ווי מאן זאגט, מעשה שטן, איין ארט פערבלענדונג, און דערמיט איז אויך די אידעע פאן די גאטעס לייקענער שוין פערניכ־טעט געווארען און מיר מעגען שוין ווייטער געהן.

קאפיטעל 45.

## מענש און מאראל.

דער גרויסער געלעהרטער „קאנט“ זאגט: אז די וועלט אר־דענונג, די מאראל און זיטטענגעזעטץ, זענען א גוטער בעוויז, אויף דעם דאזיין פאן גאט, ווייל אוהן גאט, וואלט דאס פאן זעלבסט ניט געקאנט זיין אונד אויס דער מאטעריע, קען דאס געוויס ניט ווערען אונד איין טהוער וואס ער איז אוהן מאראל, קען קיין מאל ניט ווערען מאראליש און איז עס אויך ביז יעצט ניט געווארען.

„ריכארד וואגנער“ זאגט: רעליגיעזעס בעוואוסטזיין הייסט, איין אללגעמיינעס בעוואוסטזיין, מיר וועלען אזוי לאנג, נאך האבען שטאאטען און רעליגיאנען, ביז מיר וועלען אללע האבען נור איין רעליגיאן און קיין שטאאט מעהר אונד דער אונטערגאנג פאן שטאאט, קען אנדערש ניט הייסען, נור אז עס וועט זיך פערווירקליכען, איין רעליגיעזעס בעוואוסטזיין אין דער גאנצער מענשליכע געזעלשאפט, דורך מאראלישע געזעטצע. איינענטליך איז דאס די נביאה פאן דעם נביא (זכריה י״ד ט׳) והיה ד׳ למלך על כל הארץ, ביום ההוא יהיה ד׳ אחד ושמו אחד, דאס הייסט: עס וועט נאך זיין א צייט, אז גאט וועט זיין דער קעניג איבער דעם גאנצען ערד קוגעל און גאט און זיין נאמען וועט זיין נור איינער. אויך איז געננט בעוויזען אין ת׳נ׳כ, אז ווענן די אידען האבען פערלאזט זייער גאט און געדיענט אבגעטער, זענען זע אלע מאל בעשטראפט געווארען און ווענן אלע האבען זיך בעקעהרט צו גאט זענען זע געהאלפען געווארען.

אלזא, ווענן די מאראלישע מענשען זאלען שטאמען פאן אפפען, וואלט דאך איינענטליך בא די אפפען בעדארפט זיין מאראל, כאָטש אין א קליינע מאָס. אבער אזוי איז שוין דאס פיהרונג פאן די לייקנער: וואס זע שמעקט און וואס זע לאהנט זיך, צו דעם כאפפען זיי זיך צו און ריהמען עס ביז אין הימעל! און וואס זיי לאהנט נור ניט, צו דעם שענקען זיי גאר קיין אויפמערקזאמקייט ניט און ווילען גאר דארויף ניט קוקען. פיר דער וואהרהייט, האבען זיי פערשטאָפּטע אויערן און פערקלעפּטע אויגען. רעליגיאן, וואס דאס איז דאס גרעסטע פּראָבלעהם, זאגען זיי, אז דאס איז איין ערפינדונג פאן די פּפאפּען און קירכע און גלויבען, אז דערמיט האבען זיי שוין גענוג אויפגעטהון.

צו אנערקענען, אז קיין זאך מאכט זיך ניט, אוהן איין מאַכער, מוזען אפילו די לייקענער אויך. ערשטענס, ווייל יעדער זעהט, ווי יעדעס האט איין מאכער און איינע אורזאכע. צווייטענס, זאל דער לייקנער בעווייזען, צו האט ער א מאל אין זיין לעבען געזעהן, אדער צו האבען זיינע עלטערן געזעהן, אז א זאך זאל געמאכט ווערען פאן זיך זעלבסט?

און וואס איינינע אטהעאיסטען שטעלען שוין זייער לעצטע פראגע: און ווער האט גאט געמאכט? ווייזען זיי דערמיט נור זייער פרעכהייט און שוואכזיניגקייט. ערשטענס, צו מוס דענן דער אטהעאיסט, פיעל מעהר

ניט האלטען א״ן איין פרעגען אויף יעדע זאך: און ווער האט דאס געמאכט? צווייטענס, באלד יעדע זאך מוס האבען איין מאכער, א״ז מאן דאך געצוואונגען צו זאגען, אז דער גאנצע יוניווערזום, האט אויך געמוזט האבען איין מאכער, האט דאך דער ערשטע מאכער (סבה ראשונה) בעדארפט זיין, נאך עהדער עס איז געוועזען „אָרט" און „צייט" ווייל די ווערטער „אָרט" און „צייט" געשיקט זיך נור צו זאגען, ווענן עס איז פערהאַן איין קערפּער.

און אז איך זאג, אז די ערשטע אורזאכע איז געוועזען פאר דער צייט, הייסט עס, אז די ערשטע אורזאכע האט ניט געהאט קיין אנפאנג אונד דאס וואס עס האט ניט קיין אנפאנג, האט אויך ניט קיין ענדע. און ווי קען איין ענדליכער בעגרייפען דאס אונענדליכע? (בלתי בעל תכלית). אלזא, דער א״נטערשיד בלייבט נור, אז די לייקנער מוזען שטענדיג האלטען אין איין פרעגען באַ יעדע זאך: ווער האט דאס געמאכט? און קענען גאר ניט בויען, אונד דער מאמין דארף שוין מעהר קיין פראגען ניט שטעלען, ווייל ער קענן אלעס אויף דעם בלתי בעל תכלית אנהעננגען און ווייטער איז דער מענש מיט זיין אבגע־גרעניצטען פער־שטאנד, ניט מעהר אימשטאנד צו געהן און דערמיט ווערען שוין אללע פראגען פערענפערט.

קאפּיטעל 46.

## טהיאָרע און רעליגיאן.

איך גלויב, אז מאן דארף שוין אויף דעם מעהר קיין וכוח ניט האבען, ווייל דער דארוויניזמוס, איז געווים ניט אימשטאנד צו ער־קלעהרען, ווי אזוי עס קען ווערען פאן איין טהיער א רעליגיעזעס וועזען? ווייל רעליגיאן איז איין אייגענשאפט, וואס נור מענשען אונטערשיידען זיך דערמיט פאן טהיערע. אונד ווען דער מענש זאל זיך ווירקליך האבען ענטוויקעלט פאן איין אפּפּע, וואלט געווים צווישען מענשען קיין רעליגיאן ניט געוועזען. אדער עס וואלטען זיך בעדארפט געפונען רעליגיעזע אפּפּען. און דאנן וואלט מאן געקענט זאגען, אז די רעליגיאן באַ דעם מענשען א״ז ערבליך. דאס הייסט, אז דאס איז צום מענשען איבערגעגאנגען בירושה פאן די אפּפּען, ווייל די ערבענדע קראפט, קען מאן ניט ענ־דערן, מאן זאל אפילו וועלען און זיך בעמיהען. דערוויילן אבער, האט

מאן נאך קיינע פראָמע מאָנקעס ניט געפונען אונד נור צווישען מענשען געפינט מאן דיזע איינענשאַפט . איז דאס שוין איין גענינענדער פאַקט, אז דער מענש איז ניט קיין פּראָדוקט פאָן אַפפען, אונד די דארווינישע (אַנטהראָפּאָגאָניע) מענשליכע ענטשטעהונג, איז אדער אונוויסענד, אדער לעכערליך.

קאפיטעל 47.

## די גאטהייט קען בעװיזען װערען פאן דעם פערשטאנד.

זעהר אפט הערט מאן און מאן לעזט אויך, אז דאס דאזיין פאן גאט, לאזט זיך ניט בעוויזען פאן דעם פערשטאנד. דיזע בעהויפּטונג איז פּונקט אזוי דומם, ווי מאן זאל זאגען, אז דאס פערהאנדען זיין פאן מאגנעטיזמוס לאזט זיך ניט בעוויזען. דאס דאזיין פאן מאגנעטיזמוס קען קיינער ניט לייקענען, נור דורך דעם פאַקט, וואס מאן זעהט די ווירקונג, שליסט מאן שוין דערפאן, אז דיזע ווירקונג מוס האבען איינע אורזאכע און דיזע בעהאלטענע אורזאכע רופט מאן מאגנעטיזמוס. אונד ווען די חושים אונזערע איבערציינען אונז מענשען פאן געוויסע נעגענשטענדע, איז דענן דאס ניט א פאַקט, אז די געגענשטענדע זענען די ווירקונג פאן איינע אורזאכע ? מוס דאך זיין איינער וואס ער בעלעבט דעם גאנצען אוני־ווערזום ! און דיזע אורזאכע רופען מיר, מיט דעם נאמען „גאטט" אז ער איז די ערשטע אורזאכע, איז אונענדליך אונד אונבעגרייפליך.

און אזוי ווי מיר האבען שוין פאקטיש בעוויזען פיעל זאכען, וואס מיר קענען זיי ניט בעגרייפען, ווייל אונזערע זיננע און אונזער פערשטאנד איז אבגעגרעניצט, איז אבער גאט נאך דאס העכסטע אונבעגרייפליכע. אונד ווער עס לאזט זיך מיט דיזע פאַקטען ניט איבערציינען, דער האט קיין רעכט ניט צו פערלאנגען בעווייזע און מיט אזא נאררישען איינגע־שפּארטען איז ניט ווערטה צו רעדען.

קאפיטעל 48.

## איין ראַטה צו לעבען גליקליך.

דער נביא (עמוס ה׳ ד׳) זאגט צום פאלק אין דעם נאמען פאן גאט: (דרשוני וחיו) זוכט מיך וועט איהר לעבען. ווייל ווער עס לעבט מיט דעם וואהרען גלויבען אין גאט, ניט ווי איין פאנאטיקער, דער איז פיעל

גליקליכער פאן יענעם, וועלכער לייקענט אין גאט, און פערלאזט זיך נור אויף זיינע שוואכע, אונזיכערע קרעפטען, אדער פאן דעם וואס איז פער־זינקען אין ליידענשאפטען, יענע קענען קיין וואהר לעבען ניט געניסען, ווייל, בא איין גלויבינגען איז פערהאן עטוואס, וואס עס שטעהט העכער פאן דיזען קורצען ערדישען לעבען, קען ער ניט זיין צו פיעל פערשכורט אין תאות. דארום זאלט איר בעטען גאט אין אייערע געדאנקען, אז ער זאל אייך העלפען אייערע פעהלער צו בעקעמפפען, אום נעהנטער צו קאמען צו דער ווארהייט. אבער דער, וועלכער ווייסט ניט פאן אונ־שטערבליכקייט, דער ווייסט אויך ניט פאן קיין אמת'ן לעבען, ווייל לעבען, הייסט ניט נור עסען, טרינקען, שלאפען, איבערגעבען צו זיין אין ליידענ־שאפטען און שטארבען. דאס טהוט דאך א טהיער אויך. אבער בא איין קלוגען גלויבינגען מענשען, איז גאר ניטא קיין שטארבען. א מענש דארף דענקען פאן זיין גייסט (נשמה), אז זי ווייסט ניט פאן קיין שטארבען.

קאפיטעל 49.

## מענשען וועלכע לעבען אוהן חשבון.

עס איז פערהאן פיעל מענשען, וועלכע זענען טיעף פערזינקען אין איין אינוויסענהייט און האבען גאר קיין געדאנק ניט וועגען גאט, זיטליכ־קייט און גייסט, אזעלכע זענען ווירקליך צום בעדויערן, ווייל זע האבען איין זעהר ארם פארשטעלונג פאן דעם לעבען. עס איז אויך פערהאן אזעלכע, וואס זע בעזיטצען יא איין ווניג פערשטאנד און קענטעניס. זיי האבען אבער ניט דעם מינדעסטען בעגריף פאן וואהרע רעליגיאן. זיי האבען זיך שטענדיג נור אנגעקוקט אויף פאלשע און פאנאטישע. האבען זע נאך דארום איין האסס אפילו צו דער וואהרע רעליגיאן און אורטיילען דארום פאלש וועגען גלויבען. אויך איז פערהאן אזעלכע, וועלכע אהמען נור נאך זייערע קאמעראדען און מיינען, אז דערמיט ווערען זע שוין פריידענקער, אבער אין אמת אריין ווייסען זע אפילו ניט וואס פריידענקער בעדייטעט. אדער אזעלכע וואס זענען שטענדיג בעשעפטיגט מיט ביזנעס (געשעפט) אונד זענען נור אין דאלער איבער געגעבען מיט זייער לייב און לעבען. אבער מיט אזא סארט לעבען, קען מאן נור די יונענד אב נאררן. מאן דארף אבער די עלטער אויך אינזינען האבען און טאקע א טראכט טהון, וואס איז נאך פערהאן נאך דער עלטער.—

קאפיטעל 50.

## די איינגענטליכע ווערטה פאן לעבען.

די איינגענטליכע ווערטה פאן לעבען, בעשטעהט אין דעם הויכען ווערטה פאן זיין גייסט און פאן זיין שטרעבען צו דערלאנגען די עוויגקייט. ווער עס איז אבער צו דעם גלייכגילטיג, דער איז גלייך צו איין טהיער, ווייל זיין גאנץ לעבען איז איבערגעגעבען אין ערדישען לעבען. אזעלכע זענען נור פערשכורט, זאלאנג זיי זענען נור געזונד מיט אלע קרעפטען. ריקט זיך אבער נור אריין די עלטער, אדער ער ווערט צו אבגעשוואכט, איז ער שוין דאנן גאר ניט דער און בלייבט איין עלענדער.

די בהמה, וואס זי בעזיצט קיינע אידעען ניט, לעבט זי כאטש אוהן זארג, גליקליך און צופרידען. אבער א מענש וועלכער איז נור אין דעם ערדישען גליק אריין געלאָזט, ער קען פאן זיין נאטור ניט צופרידען זיין, אפילו ווענן ער זאל שוין דאבען, אלע ערדישע גליקען: פרייד. כבוד און אויך געלד, וויל ער אלץ נאך מעהר און מעהר! און צופרידען קען ער קיין מאל ניט בלייבען.

ווער אבער עס לעבט מיט זיין גלויבען אין גאט, דער קען זיך מעהר צופרידען שטעלען, מיט דעם וואס האט אים צו געטיילט און ער קענן זיין פיעל גליקליכער ביי זיין לעבען.

דארום מיינע ליבע קינדער און געעהרטע לעזער! טרייבט ארויס די צרות און זארג פאן אייער הערץ! יאגט זע ארויס פאן אייערע געדאנקען, פערלאזט אייך אויף גאט און זייט מונטער און צופרידען בא אייער ארבייט, בא אייער בעשעפטיגונג, אונד אין אייער פאמיליע.

עס איז נאך קיין שטונדע ניט אזוי דערקוויקענד, ווי אז מאן פערטראכט זיך אביסעל אין די געטליכקייט! ווייל די טרייסט, וואס דיין גלויבען און דיין פערלאזען זיך אויף גאט, קען דיר געבען. דאס קען קיין שיקזאל פאן דיר ניט אוועק נעהמען. דיזע ווערטער מעג יעדער געדענקען, און יעדער פאטער און מוטער זאל דאס אָפט פּראָבירען זאגען צו זיינע קינדער. דעמעלט, קענן אייער הויז, הייסען איין גאטעס טעמפעל און אייער הערץ דער אלטאר.

איך ווייס מיינע ליבע, אז ניט צו יעדע צייט איז מאן אויפגעלעגט, צו מאכען אזעלכע בעטראַכטונגען ! ווייל היינטיגע וועלט ארדענונג אונד דער שווערער יאָך פאן פרנסה, אונד צו דעם, מאכט זיך נאך אנדערע אונאנגענעהמע צופעללע. דאָך, קען מאן נאך געפינען א האלבע שטונדע צייט אין דער וואָך און אריין געהן אין איין בעזאנדער צימער , זיך אנפאנגען בעטראַכטען און לאזען דורך לויפען, דורך זיינע געדאנקעז , אלעס וואס האט איס געטראפען, וואס עס איז שוין פאראיבער, און וועלעכס עס לאזט אים נאך ניט אב. קלויב אויס, וועלכעס דו מוזט אוועק ווארפען אונד אין וואס דו מוזט דיר נאך פעסט האלטען. און בעט גאט ערענסט אין דיינע געדאנקען, אז ער זאל דיר העלפען. דער נאך, געה ווידער צו דיין בעשעפטיגונג און טהו אלעס פלייסיג, מונטער מיט ענערגיע.

קאפיטעל 51.

## גאָט איז אללמעכטיג און איז איבעראלל.

גאט איז שטענדיג אין אללעמען, און דארום ווערט אלעס מיט אזא אונבעגרייפליכע חכמה געפיהרט און ערהאלטען און דאס אליין, קען שוין דעם מענשען צופרידען שטעלען. ווען ער גיבט זיך נור איבער ערענסט אויף גאט און פערטרויעט אלעס אויף אים. ווייל גאט איז די העכסטע גוטהייט אונד ווער עס וויל נור, דער קענן זעהן גאט אומעדום : אין די פיעל גלענצענדע שטערן. אין דעם רוישענדען שטורם. אין דעם קראכענדען דאָננער, אין דעם רוישענדען וואסער אין דער שיי־נענדע זאָננע, אין דעם גיסענדען רעגען, אין דער ערפרישענדע לופט. דער ווינטער, דער זאָמער, די געוועכסע, די פרוכט און זייער געשמאק. קורץ, ווי נור א פוס טהוט א טריט און דאס אויג טהוט א בליק, איז צו בעמערקען, די געטליכע קראפט און זיין רעגירונג, אין איין יעדען אטעמצוג, קענן מאן פיהלען זיין גרויסקייט און זיין גוטהייט.

צו בעדויערן איז נור, יענע וועלכע ווילען פאן די געטליכקייט ניט וויסען און זאגען : ווער זעהט מיך ? איך קענן טהון וואס איך וויל, און וואס מיין הארץ גליסט. אבער, דער גאט וואס האט בע־שאפען דאס אויג און דעם אויער, דער זעהט און הערט אלעס

געזיים, פאר אים איז קיין פערבארגנעס ניטא, וואס מאן טראכט איז פאר אים אפען.

קאפיטעל 52.

## ווער קען זיין עהרליכער, דער אונגלויביגע צו דער גלויביגע ?

איך גלויב, אז יעדער מוס אנערקענען, אז צווישען אלע סארטען ליבעס, איז די אייגענליבע די שטארקסטע. און ווען צום ביישפיעל, איינער האט איבערגעלאזט אין זיין צימער אויף דעם טיש עטליכע הונדערט דאלאר און האט די טיהר אויך פערגעסען צו פערשליסען און ווען זיין ארמער אונגלויביגער, זאל אריין קאמען און זעהן ליגען דאס געלד, וועט געוויס זיך אין אים שטארקען זיין אייגענליבע און וועט דאס געלד צו נעהמען. ווייל ער האט דאך קיין שום איבערשלאג ניט, וואס דאס זאל אים פאן זיין טהאט אבהאלטען. קיין מענש זעהט אים ניט און פאר גאט האט ער דאך אויך קיין מורא ניט !

ווען אבער א גלויביגער ארמער זאל אהין אריין קאמען, קען אים דאך איין געדאנק אריין קאמען. און זאל זיך טראכטען : ווען קיין מענש זעהט מיך טאקע ניט, זעהט דאך אבער גאט !—דארום קענען איין גלויביגער דאך האבען איינע אורזאכע מעהר, אז זיין געוויסען זאל אים ניט לאזען קיין שלעכטעס טהון. אפילו ווען קיין מענש זעהט ניט. דאס איז אויך א פעסטער בעוויז, אז עס איז נעטהיג קינדער צו ערציהען אין איין גלויבען אין גאט. אום דאס זאל אים אב היטען פאן צו טהון שלעכטעס אויך דאנן ווען קיינער זעהט ניט. ווערענד איין קינד פאן איין אונגלויביגען, אים קענן געוויס ניט אבהאלטען פאן שלעכטעס, ווען קיינער זעהט ניט.

אלזא מיינע ליבע קינדער ! איהר טענט מיר גלויבען, אז איך האב מעהר פראקטיקע פאן אייך געהאט און בין געוויס ניט פאנאטיש. זייט ניט איבערגעשפיצט, זייט ניט אריין געלאזט נור אין געלד און אין עהרגייץ! זייט ניט קיין שקלאף צום פוסטען שטאלץ אונד אין די ליידענשאפטען פערזינקען ! דיינקט ניט, אז גאט איז צו וויט פאן אייך, אדער ער קימערט זיך ניט ווענען אייך ! די זאננען וואלטען פערלאשען געווארען, ווען גאט זאל זיין געדאנק פאן זיי אוועק נעהמען. דאס פויגעלע, דאס ווערעמעל,

די מילב און דאס קליינסטע גרעזעל, וואלט ניט עקסיסטירט. ווענן גאטס ווילען זאל פאן זיי פערשטעלט ווערען. אלעס וואס יעדער טהוט איז דער שטילל אונד אין פערבארגענים, זעהט גאט און בעלאהנט פאר דאס גוטע און בעשטראפט פאר דאס שלעכטע! קוק ניט דארויף וואס די שלעכטע געהט צו מאל גוט, אונד די גערעכטע געהט צו מאל שלעכט, ווייל אונזער פערשטאנד איז זעהר אבגעגרעניצט, מיר קענען גאטס פיהרונג גאר ניט בעגרייפען.

רעליגיאן איז איין עהרפורכט און אבשיי פאר די געטליכקייט, ווענן קיינער זעהט ניט. איין בעציהונג פאן דעם מענשליכען זעלבסט בעוואוסטזיין, אויף גאטעס בעוואוסטזיין. אז דער מענש איז אבהענגיג פאן גאט, וואס ער איז די העכסטע קראפט. עס איז פערהאנדען פערשידענע ארטען רעליגיאנען, זאל זיך יעדער געהן אין זיין גלויבען, אין וועלכען ער איז ערצויגען און האלט זיך דערביי ערענסט. אונזער אידישע רעליגיאן איז איינע פראפעהטישע און מיר אנערקענען די אפענבארונג און איהרע (דאגמען) עקריים זענען זיטליכע.

פראפעסאר לאזארוס זאגט אין זיין בוך „אידעאלע פראגען" דף 29: „דאס הערץ זאג איך, איז א גאנץ בעזאנדער מוסקעל, וועלכם עס איז פערשידען פאן אלע אנדערע ארגאנען פאן אונזער קערפער, ווייל אללע מוזען זיך בייטען פאן טהעטיגקייט אויף רוהע, אבער דאס הערץ, איז שטענדיג טהעטיג, פאן דער ערשטע סעקונדע פאן זיין לעבען, ביז צום לעצטען אטעמצוג, מוס דאס הערץ האלטען אין איין שלאגען. הערט נור אויף דאס שלאגען, איז שוין דאנן אויס מיט דעם לעבען. אזוי איז די רעליגיאן אין דעם ארגאניזמוס פאן דעם פאלקס גייסט. הערט נור אויף דיזעס הערץ צו שלאגען, דאנן פאנגט עס אן צו פוילען און ווערט פערדארבען.

קאפיטעל 53.

## פערטרויען אויף גאט.

לאזט ניט זיין אייער הערץ אוהן געפיהל! ווארום זאלט איר ניט פערטרויען אויף דעם אונבעגרייפליכען שעפפער און רעגירער? וואס שטענדיג זענט איר אין זיינע הענד איבערגעגעבען? ווארום זאלט איר צווייפלען אין דעם עוויגען לעבען? ווארום זאלען סיך ניט אין

אונזער געגענווערטיגע צייט ניט וועלען וויסען, אז עס איז פערהאנ־דען איינער, וואס די פערגאנגענהייט און די צוקונפט איז פאר אים אויפגעדעקט ווי די געגענווארט?

היה הוה ויהיה, ער איז געוועזן איממער, ער איז יעצט און וועט זיין עוויג, און אים מוס די וועלט אנעקענען, און ווארום זאלען מיר אין דער שטילקייט פאן אונזער הערץ, פאר אים אונזערע ווינשע ניט אויס־גיסען? דער גאט וועלכער וואהנט אין די ווייטע הימלען, ער איז אויך נוהענט אין אונזער הערץ!

אך, עוויגער פאטער! הערר פאן אלע וועלטען! עפען מיינע אויגען! העלף מיר צו קענען געהען אין גערעכטען וועג, מיט ריינע געוויסען, מיט ערענסט און פערשטאנד און לאז מיך אויך ווערטה זיין, נאך מיין ערדישען לעבען, צו זיין נעבען דיין עוויגקייט! אמן.

קאפיטעל 54.

## בעווייזע, אז די אידישע רעליגיאן איז וואַהר.

איך געפינן אויך פיר נעהטיג, צו רעדען איין ווענג פאן אונזער דת משה. איך זאג איין ווענג ווייל „דאקטאר קודוויג פיליפזאהן" אין זיין בוך „די איזראעלישע רעליגיאנסלעהרע" אויספיהרליך דארגעשטעלט. דיזעס מייסטערווערק איז פאן מיר איבערזעצט אין א ריינע אידישע שפראך, אין דריי דיקע בענדער און ווארטען נור אויף א גוטע געלע־גענהייט איין פערלעגער זאל זיי אב דרוקען. קען מאן שוין זיך פאָר־שטעלען, אַז אין איין פאאר זייטליך צו רעדען איז געוויס זעהר ווענג החכם „י"ל בן זאב" זאגט אין זיין ספר „יסודי הדת": דעם מענשענס פערשטאנד איז ניט אומשטאנד, צו בעגרייפען די וואהרהייט אין יעדע זאך, וואס ער מוס עס נעהטיג האבען, צו זיין גליקזעליגקייט. אבער ווער גיבט אים, דיזע קענטעניס דערצו? די אָפענבארטע רעליגיאן (דת אלוה) ווארום הייסט זי: געטליכע אָפענבארע רעליגיאָן? ווייל גאט זעלבסט האט זיך געאָפענבארט און האט גערעדט מיט מענשען. און ווייל גאט האט דיזע אָפענבארטע רעליגיאָנסלעהרע געגעבען דורך משה, דארום הייסט זי אויך „תורת משה".

וואס איז דאס אזעלכעס די אָפענבארטע רעליגיאן? דאס איז איין פערזאמלונג פאן גלויבענס לעהרען (למודי האמונה) אונד האנד־

לונגס לעהרען (למודי המעשה), וואס נאך דיזע לעהרען זאל דער מענש דענקען און האנדלען, אום די עווינע זעליגקייט צו דערלאנגען.

וואס איז דער אונטערשיעד פאן גלויבענס לעהרע און האנדלונגס לעהרע ? גלויבענס לעהרען (למודי האמונה) איז, וואס דער מענש האט צו גלויבען פאן גאט, פאן זיינע אייגענשאפטען און וואס ער האט צו האפפען. אונד האנדלונגס לעהרען זענען, די געזעטצע, וועלכע מאן זאל טהון (מצות עשה) און וועלכע מאן זאל ניט טהון (מצות לא תעשה).

צו די אידישע רעליגיאן איז א וואהרע, דערקענט מאן אין זעקס זאכען :

1) צו די ערשטע מענשען וועלכע האבען ערהאלטען דעם דת זענען געוועזען נור איינציגע, אדער זענען געווען פיעלע ?

2) צו זענען יענע ערשטע, געוועזען קלוגע לייט אדער קיינע קלוגע ?

3) צו זענען זיי געוועזען לייכטגלויבינע אדער קיינע לייכט־גלויבינע ?

4) איז דיזע רעליגיאן נעגעבען געווארען אין דער שטילל ? אדער אין די עפפענטליכקייט צווישען פיעל לייט ?

5) איז דער דת נעגעבען, דורך איין בערס׳טלער (שלוח) אדער גאט זעלבסט איז געזעהן געווארען צו דער גאנצע געמיינדע און ער האט זיי בעפוילען צו פאלגען דעם שלוח ?

6) האבען זיי די רעליגיאן ערהאלטען פליצים אדער עס איז זיי געגעבען געווארען גענוג צייט זיך מישב צו זיין ?

דורך דיזע זעכס פונקטען קענן מאן דערקענען די רעליגיאן וועלכע עס איז די אמתע צו זיין.

אונד ביי קבלת התורה, זענען געווע׳ען זעכס מאל הונדערט טויזענד מעננער אויסער פרויען, קליינע קינדער און פרעמדע (ערב רב) און אללע האבען געהערט גאטעס שטימע. און ווער עס בעטראכט נור יענעס פאָלק, קענן לייכט ארויסזעהן, אז זיי זענען געוועזען זעהר אונגלייביגע אונד הארטנעקיגע (קשי עורף) זיי האבען קיין מאל ניט נעגלייבט, ביז זיי האבען זיך ניט איבערצייגט ריכטיג. ווי עס איז צו זעהן אין (שמות א׳ ז׳) ויקרא שם המקום מסה ומריבה על ריב בני ישראל, ועל נסותם את ד׳ לאמר היש ד׳ בקרבנו אם אָין : ד. ה.

ער האט גערופען דעם נאמען פאן דעם אָרט „מסה ומריבה" ווייל די זעהנע ישראל האבען זיך דארט געקריגט און גערופט דעם עוויגען, זיי האבען געזאגט: איז גאט פערדאן אונטער אונז אָב ניט?

אונד ווען אזא הארטנעקיגע פאָלק, האט אנגענומען איינשטימינג צו גלויבען אין דער תורה און קיין איינציגער געגנער איז ניט געוועזען, און האבען זיך אללע געבעטען בא משה: רעד דו מיט אונז און גאט זאל מעהר ניט רעדען מיט אונז, אום מיר זאלען ניט שטערבען. ניט ווי אנדערע רעליגיאנען, האבען זיך אנגעפאנגען פאן זייער ווייניג מענשען און ערשט מיט דער צייט האבען זיי זיך פערמעהרט, דורך פערשידענע מיטעל ווי דאס חריסטענטום דורך דער שווערד שטרייט און שייטער־האפען, אדער מיסיאָנערען. אויך ווערט יענער דור גערופען איין דור דעה אז אפילו א דיענסטמאַגד האט בא דעם בארג סיני מעהר געזעהן פאן איין נביא, ווייל גאט זעלבסט האט זיך פאר אללע אָפפענבארט און האבען אויך געהאט גענוג צייט זיך צו בעקלעהרען (שמות י"ט י"א) כי ביום השלישי ירד ד' לעיני כל העם על הר סיני: ערשט אין דריטען טאג וועט גאט ארונטער קומען פאר די אויגען פאן גאר דעם פאלק אויף דעם בארג סיני. (דברים ה' כ"א): ואת קולו שמענו מתוך האש היום הזה ראינו כי ידבר אלוהים את האדם וחי: און זיין שטימע האבען מיר געהערט פאן דער מיטט פאן דעם פייער. היינט האבען מיר געזעהן, אז גאט רעדט מיט א מענש און דער מענש בלייבט נאך לעבען.

ויביטו אחרי משה, זיי האבען משה'ן גוט נאכגעקוקט און וואלט נור ווער געקענט, דעם מינדעסטען פערדאכט אויף משה אויסגעפינען, אז משה האט עס געמאכט דורך עטוואס א קונכט, וואלטען זיי זיך קיינער ניט געשעהמט, אזוי ווי משה זעלבסט האט זיך בעקלאגט פאר גאט: עוד מעט וסקלוני: עס געהט שוין ווייניג אב, אז זיי זאלען מיך שטייניגען, דאס איז געוועזען בא זיין גאנצען ערענסט און אמת, און ווענן עס זאל נאך דער מינדעסטע צווייפעל געוועזען זיין בא זיי, וואלטען זיי אים טאקע ווירקליך געשטייניגט.

אבער די שפעטערע נביאים, האבען אויך אנערקענט תורת משה. דוד האט געזאגט: דרך אמונה בחרתי וכי במצותיך האמנתי. (תה"ל קי"ט).

קאפּיטעל 55.

# עס האט נאך קיינער ניט אבגעלייקענט די ספורי התורה.

אין ווי פיעל מאל האבען די אידען געדיענט געטצען און זיך ווידער צוריק געקעהרט, און פאן דעסטוועגען האט זיך ניט געפינען אזעלכע וואס זיי זאלען די ספורים פאן דער תורה אבלייקענען.

אפילו צווישען די חכמי התלמוד איז אויך געוועזען איינער „אלישע בן אבויה" אדער ווי מאן האט אים גערופען „אחר" וואס ער האט עפענטליך אב געטרעטען פאן דעם אידישען גלויבען, און פאן דעסטוועגען האט ער ניט אויסגעזעצט קיין פאלשקייטען אין דער תורה. און זיין תלמיד ר' מאיר האט נאך פאן אים גוטעס געלערענט.

איך וויל בלויז דערמאהנען איין וואונדער פאן דער תורה, נעהמליך, איז דאס צום בעגרייפען, אז איין מאנן משה זאל אומפיהרען אזא גרוסען נאראד פירציג יאהר אין דער וויסטע און זיי שפייזען מיט איין הימלישע שפייז, וואס מאן האט עס גערופען „מן"? דערפאן קענן יעצט געוויס קיינער קיין אהנונג ניט האבען, און אויך דערמעלט, איז דאס איין פירציג יעהרינער וואונדער געוועזען, אונד מיט דיזען מן וואונדער זעלבסט, איז נאך אויך געשעהן פיעל וואונדער: ווענן איינער האט אנגעקלויבען צו פיעל און איינער צו וועניג, ווענן זיי האבען עס דערנאך איבערגעמאסטען, האט יעדער געהאט נור אזוי פיעל, ווי פיעל ער ברויך (?) דיזעס הימלישעס ברויט האט גערעגענט, בלויז זעכס טעג אין וואך און שבת ניט (?) ווער עס האט איבערגעלאזט אויף מארגען, איז עס פערדארבען געווארען, און עס איז געווארען ווערעם (?) נור דער מן פאן פרייטאג האט געקענט גענוצט ווערען אויך שבת (?) ענדע פירציג יאהר האט משה בעפוילען אנצופיקלען איין פלאש מיט מן און דאס זאל שטעהן צו איין אנדענקען אין משכן. און דאס איז ניט פערדארבען געווארען (?) און דאך איז די גאנצע צייט קיינער ניט ארוים געטרעטען, אז מאן זאל דיזען פירציג יעהרינגען וואונדער אבלייקנען.

ווי פיעל פערשידענע סעקטען עס איז אונטער אידען כמעט שטענדיג געוועזען. דאס אידישע קעניגרייך איז א לאנגע צייט געוועזען צע־שפאלטען: אין בית ישראל און בית דוד, דערנאך איז געוועזען צווישען

אידען: פרושים, איסים, ביסותים, צדוקים, מינים. די קראים און שמורנים זענען געוועזען שטענדיגע יודענפיינד. די אידען אן מצרים האבען זאָגאַר, זייער אייגען בית המקדש געהאט און דאָך האט קיינער ניט געוואַגט, ארויס צו טרעטען און לייקענען די ערצעהלונגען אין די וואונדער פאן דער תורה, און ווענן היינט ווערט איינער איין סתם לייקנער, מוס ער געוויס זיין איין פרעכער עם הארץ, אדער איין פיינד פאן דעם הייליגטום. די לעצטע שרייבער פאן דער אידישע געשיכטע הורדוס און יאָסזעפוס פלאוויאוס האבען אויך קיין זאך פאן דער תורה ניט אב געלייקענט.

אבער נאך אללע חקירות ודרושות וועגען אידען און אידענטום, מוס איך אויסרופען: אז פאן אנפאַנג ביז ענדע, איז דאס נור איין וואונדער פאָלק! איין עוויג רעטעניש, איין עם עולם!



# מודעה

איך מעלד די געעהרטע לעזער, אז אין ניכען לאז איך דרוקען נאך איין בוך „ועלט קלוגהייט" דאס איז איין פערזאמלונג פאן 700 (אפעריזמען) קורצע קלוגע אבהאנדלונגען פאן בעריהמטע פילאזאפען אין געלעהרטע מעננער.

איך האָפּפע, אז אלע קלאסען לעזער וועלען אנערקענען, אז אין דיזען ביכעל איז ווירקליך איין אוצר פאן וועלט קלוגהייטען. עס איז געשריבען פאפולער, אז דאס פאלק זאל עס לייכט פערשטעהן אין איינע אלפאבעטישע ארדענונג אויסגעשטעלט.

יעדער לעזער וואס וועט נור געדענקען וואס ער האט געלעזען, וועט ער בערייכערט ווערען מיט איין אוצר קלוגע געדאנקען.

די פרייז איז ביליג, שיקט א בעשטעלונג מיט 20 פאסט סטעמפס בעקומט איר דאס פראכטפאלע ווערק „וועלט קלוגהייט" צוגעשיקט פריי צו אייער הויז.

ביטע רעקאמענדירט עס אויך צו אייערע פריינד און בעקאנטע, אום איך זאל אימשטאנד זיין צו דרוקען מיינע איבריגע וויכטיגע ווערק וואס זענען שוין פערטיג צו דרוקען.

סטענדען און בוכהענדלער בעקומען גוטע פראצענטען.

אדרעסס:

M. HERDER,

2511 North 33rd St., Philadelphia, Pa.